Gordin, Jacob.
Der fremder: drama in fir akten.
Varshe, 682 [1921 or 1922].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1874.7

**Gordin, Jacob, 1853-1909.**
Der fremder : drama in fir akten.
Varshe : A. Gitlin, 682 [1921 or 1922].
48 p. ; 21 cm. Teater-bibliotek
Bound with: Der unbakanter.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Warsaw II. Yiddish books from the Harvard College Library ;
YI 0241.

ID: NXYH02-B335 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106069

Reduction ratio X 10.0

טעאטער-ביבליאטעק.

# דער פרעמדער

דראמא אין 4 אקטען

— פון —

יעקב גארדין.



ווארשא. תרפ"ב

Druk. „Hacefira", Warszawa, Leszno 54.





# פערזאָנען:

נפתלי הערץ לעווין („דער פרעמדער״)
בלומע, זיין פרוי (די געוועזענע).
פיני סטאַראָדוב איהר יעצטיגער מאַן.
קלמן } בלומע׳ס עלטערן.
שרה העניע }
בעני } בלומע׳ס קינדער.
לילי }
אַ רב
אַ פרוי.

דאָס אָרט פון דער האַנדלונג:
1=טער אַקט—אין רוסלאַנד.
אַלע איבעריגע אַקטען—אין אַמעריקאַ.

---

# ערשטער אַקט.

(קלמן משה זיצט ביי אַ טיש און שרייבט אַ בריף, זעצט זיך אויף אַ בוך).

קלמן: איך וועל איהם ווייזען, אַז אין תלמוד און אין מדרש איז נאָך דאָ אַ סך פלעצער וועגען שטערען און מזלות, פון וועלכע ער ווייסט נישט פון דאַנען ביז אַהער! און מכּח דעם פּשט, וואָס ער לערנט איבער דער גמרא „יש כּוכב אחד שעולה אחת לשבעים״, וועגען דעם וועלען מיר נאָך אויך זעהן. (ווערט בעז) ווי איז די קאָנקאָרדעניץ? (געפינט אונטער זיך), איך בין אַליין געזעסען אויף איהר, און איך זוך איהר (שמייכעלט), מיין שרה העניע איז גערעכט, איך בין אַביסעל אַ משוגע׳נער. (אַ גערויש) זי וועט מיר שוין אָנדולען אַ קאָפּ.

## שרה העניע (ארבײט א זאַק).

שרה: האָסט מיך גערופען, קלמן משה?
קלמן: שרה העניע, איך האָב דיך נישט גערופען.
שרה: וואָס=זשע? ווילסט אפשר אַ גלאָז טעה? אָדער דאַרפסטו עפּעס?
קלמן: איך וויל נישט קיין טעה און איך דאַרף גאָרנישט. (ביין) איך בעט דיך, שרה העניע, דול מיר נישט דעם קאָפּ.
שרה: האָסט דאָך ערשט גערופען שרה=העניע? וואָס=זשע האָסטו מיך גערופען און האָסט חרטה געהאַט?
קלמן: איך האָב נישט חרטה געהאַט, אוי אַ מהומה שונאי=ישראל!
שרה: שאַ, נאַרעלע, וואָס דאַרפסטו זיך בייזערען? (זעצט זיך).
קלמן: איך בייזער זיך נישט, נאַר! איך שרייב יעצט אַן׳אַרטיקעל געגען דעם רעדאַקטאָר פון דער העברעאישער צייטונג „הצפירה״. ער מיינט, ער קען אַסטראָנאָמיע, קריכט אין די הימלען, און ווייסט נישט פון דאַנען אַהער. (שרייבט) „יש כּוכב אחד שעולה אחת לשבעים״ -- דער שטערען, וואָס פלעגט אויפגעהן איין מאָל

אין 70 יאָהר, און דורך איהם פלעגען די שיפס־לייט פאַרבלאָנ־דזשעט ווערען.

ש ר ה: און וואָס טהוט בלומע? דו ווייסט נישט? (קוקט אין טיהר) שפּילט זיך מיט די קינדער, נו, דאַנקען גאָט, אַבי זי וויינט נישט.

ק ל מ ן: שטער מיר נישט, שרה־העניע.

ש ר ה: אָרעמע ענונה! וויפיעל זי האָט זיך אָנגעוויינט פאַר די 8 יאָהר.

ק ל מ ן: אוי דול מיר נישט דעם קאָפּ!

ש ר ה: איך ווייס נישט, קלמן משה, ווי קען דיר יעצט ליגען אין קאָפּ אַ שטערען, וואָס געהט אויף 1 מאָל אין 70 יאָהר, ווען אונזער איינציג קינד...

ק ל מ ן: (בייז) דול מיר נישט דעם קאָפּ, אַ מהומה זאָל שונאי־ישראל....

ש ר ה: זעה נאָר, פיני האָט דיר געקויפט די וואָלפענע פעל, די זאָלסט האַלטען אויף איהר דיינע קראַנקע פיס, און ער האַלט גאָר ביכער אויף איהר! קראַנקער שלימזלניק מיינער. עס בלאָזט דאָך פון דעם ברוק, וועסט נאָך חלילה פערקיהלען דיינע פיס.

ק ל מ ן: וואָס דאַרפסטו זיך מטריח זיין? נאַר! (העלפט איהם אויפ־שטעהן) דו וועסט מיר דעם רעוומאַטיזם פון מיינע פיס נישט אַרויסטרייבען.

ש ר ה: מען דאַרף דיך אָפּהיטען, ביזט ווי אַ קינד. זעהסט, איך אַרבייט דיר אַפּאַר וואַרעמע וואָלענע זאָקען, קוק אָן אַ לענג, עס וועט דיר זיין אַ געזונד אין די ביינער.

ק ל מ ן: פאַר אַלעמען זאָרגסטו זיך; איי לאָז מיך ענדיגען. (שרייבט).

ש ר ה: ביזט אפשר הונגעריג, קלמן משה?

ק ל מ ן: ניין, איך וועל וואַרטען ביז פיני וועט קומען פונ׳ם געשעפט עסען וואַרמעס. זיי אַ גוטע און לאָז מיך ענדיגען.

ש ר ה: דיר זאָל חלילה דאָס האַרץ נישט איבער׳חלש׳ען, און טאַקע בלומע מיט די קינדער וועלען אויך עסען צוליעב דיר, זיי דאַר־פען שוין זיין הונגעריג, און... איב נישט עסען, וועסטו גלאַט אַזוי עפּעס איבערהאַפּען.

ק ל מ ן: (בייז) דול מיר נישט דעם קאָפּ.

ש ר ה: שאַ, נאַרעלע, בייזער זיך נישט, איך וועל דיר נישט שטערען, איך געה אַוועק!



ק ל מ ן: שרה־העניע, וואָס, זאָגסטו, טוט בלומע? זי שפּילט זיך מיט די קינדער? עס קען זיין, היינט וועט אונז געלינגען צו טון עפּעס וועגען אונזער אָרימער ענונה.

ש ר ה: טאַקע? שלעכטער מענש! פאַרוואָס זאָגסטו מיר נישט? 8 יאָהר אַנ׳ענונה — אוי וועה איז מיר!

ק ל מ ן: פיני האָט איינגעלאַדען אַהער דעם בערדיאַנסקער רב, מען רופט איהם ר׳ אהרן ליבאַן, ער האָט געשריבען אַ בריף פיני׳ען, אַז ער קומט היינט; בלומע וועט איהם אַליין אַלץ דערצעהלען און וועט אויסהערען זיין מיינונג; אונז גלויבט זי דאָך נישט. זי האַלט זיך ביים יודישען דין, פונקט ווי די מאַמע איהרע.

ש ר ה: אוי, רבונו של עולם, אפשר וועט ער טאַקע געפינען כאָטש עפּעס אַ שטיקעל דין, ווי אַזוי צו העלפען אונזער ענונה. אוי, די יודישע זאַכען, די יודישע זאַכען. (אָב).

ק ל מ ן: (שרייבט) און מכח דעם מאמר „כוכב אחד שעולה אחת לשבעים"... מיין שרה־העניע איז גערעכט, מען שרייבט וועגען אַ שטערען, וואָס געהט אויף 1 מאָל אין 70 יאָהר, און מיר פערשווייגען אַזאַ גרויסע לעבענס־פראַגע, אַזאַ אומגליק, אַזאַ צרה, ווי די ענונה־פראַגע. אונשולדיגע מענשען פלאָגען זיך און ליידען, און קיין עצה איז נישטאָ! אַז ביי יודען איז אַזוי, מען האַלט זיך מיט ביידע הענד פאַר יעדער יודישער זאַך, פאַר יעדען אַלטען מנהג, פאַר יעדען קוצו של יוד, אָדער מען שפּייט גאָר אינגאַנצען אויף גט, אויף חופּה, אויף קידושין, און די רבנים ווייסען נישט פון דאַנען אַהער. (בלומעס קול), זעהסטו, איך האָב דערמאָהנט די ענונה...

## אויפטריט בלומע.

ב ל ו מ ע: טאַטעניו, איך שטער דיר?

ק ל מ ן: ניין, בלומע, וואָס איז? דו זוכסט עפּעס?

ב ל ו מ ע: איך האָב צוגעזאָגט בענטשיקען צו מאַכען אַ פּאַפּירען מיצעל.

ק ל מ ן: קענסט נעמען דאָרט אַ דייטשע צייטונג. בלומע, איך האָב דיר געוואָלט זאָגען, דו ווייסט, אַז מיר ערוואַרטען היינט דאָ דעם בערדיאַנסקען רב?

ב ל ו מ ע: ווידער אַ רב ?

ק ל מ ן: (בייז) דו מיט דער מאַמען ווילען נישט הערען וואָס מענשען זאָגען, נו הערט רבנים, אוי, אַ מהומה, שונאי ישראל.

ב ל ו מ ע: טאַטעניו, איך ווייס, דו וועסט ווידער בייז ווערען, איך וועל בעסער שווייגען.

ק ל מ ן: ניין, נאַר, איך בין נישט בייז, וואָס ווילסטו דען זאָגען ?

ב ל ו מ ע: אַז מיך אַרט נישט, וואָס איך בין אַן׳עגונה.

ק ל מ ן: איך ווייס, אַז דיך אַרט נישט, וואָס אַרט דיך דען יאָ ?

ב ל ו מ ע: און אויב עס וועט זיך אפילו געפינען אַ רב, וואָס וועט זאָגען, אַז איך בין נישט קיין עגונה מעהר, וועל איך דאָך בלייבען אַן׳עגונה ! איך וועל דיר זאָגען, מיר איז גוט אַזוי אויך.

ק ל מ ן: נו יאָ ! דיר איז גוט, וואָס אַרט דיך פאַר דיינע עלטערן, וואָס אַרט דיך דיינע קינדער? דו מיינסט, פיני וועט אייביג האָרעוועןן ווי אַנ׳אייזעל, מיר זאָלען ביי איהם אייביג זיצען אויף אייביגע קעסט, דו זאָלסט זיין געשיכט און געקליידעט, דיינע קינדער זאָלען זיין מיט אַלעס פערזאָרגט און דו זאָלסט זיך מיט זיי שפּילען און מאַכען מיצלעך פון פּאַפּיר? וואָס מיינסטו? דאָס גאַנצע לעבען איז אַ שפּילעכל פון פּאַפּירענע מיצלעך? ווי איז דיין שכל, גולם דו ?

ב ל ו מ ע: נו, וואָס זאָל איך טון? איך בין נישט שולדיג.

ק ל מ ן: ווער מאַכט דען דיך שולדיג? איך זאָג נאָר, אַז... (אַ גערו־דער) שאַ, די מאַמע געהט אַהער, מילא איך בין אַ בייזער טאַטע, אָבער אויף אַזאַ מאַמע ווי זי האָט מען געדאַרפט אַ ביסעל מעהר רחמנות האָבען. נו, זאָל זיין שטיל.

## אויפטריט שרה הענייע:

ש ר ה: ק ל מ ן ־ מ ש ה ! וואָס איז, בלומע? האָסט שוין ווידער געוויינט?

ב ל ו מ ע: ניין, מאַמע, עס איז גאָרנישט.

ש ר ה: פיני געהט אַהער עפּעס מיט אַ יודען; איך האָב מורא, דאָס איז דער רב.

ק ל מ ן: וואָס־זשע האָסטו מורא? נאָך נישט צוגעוואוינט געוואָרען צו די רבנים?



ב ל ו מ ע: איך וויל אַצינד דאָ נישט זיין, איך וועל בעסער אַריינגעהן צו די קינדער.

ש ר ה: נאַרעלע, וואוהין אַנטלויפסטו? עס וועט דיר דען העלפען? אוי, טאָכטער מיינע, דו קענסט פון דיין אומגליק נישט אַנטלוי־פען... זיי געזונד, איך זאָל דערלעבען צו הערען גוטע בשורות וועגען מיין עגונה !

## אויפטריט פיני, רב.

פ י נ י: אַ גוטען אָוועגד !

ר ב: שלום עליכם (גיט די האַנד קלמנ׳ען. פיני העלפט אויסטוהן זיך).

ק ל מ ן: שלום עליכם ! פון וואַנען איז אַ יוד? וואָס מאַכט איהר? וואָס מאַכט אייער שוויגער? קומט אַהער צום טיש, קוקט אַריין אין מיינע פּאַפּירען, און טרעט מיר אָב דעם אַנדערען פוס, און זעצט אייך.

ש ר ה: גאָט העלף, רבי, זעצט אייך, רבי, אָט דאָ, נעבען דער הרובע איז וואַרעמער. פיני, געהסט שוין ווידער צוכראַסטעט? וואו איז דיין האַלז־טיכעל? דאַרפסט זיך פערקיהלען, האַ?

פ י נ י: מיין שאַרף, פערגעסען ! ניש־קשה, איך פערקיהל זיך נישט, איך דאַרף נישט קיין שאַרף, איך טראָג נאָר דעם שאַרף דערפאַר, ווייל איהר האָט זי מיט אייערע הענד אויסגעאַרבייט.

ש ר ה: קודם־כל, רבי, וועט איהר מיט אונז עסען וואַרמעס !

ר ב: ניין, איך מוז באַלד אַוועקגעהן, אך האָב ווייניג צייט.

ש ר ה: נו, וועל איך אייך געבען אַ פּאָר קיכלעך מיט אַ ביסעל בראָנפען. איהר וועט דאָך חלילה נישט אַוועקגעהן פון אונזער שטוב אָהן כיבוד און אָהן אַ ברכה. (אָב).

פ י נ י: און וואָס טוהען די קינדער, בלומע?

ב ל ו מ ע: זיי שפּילען זיך, איך האָב זיי צוגעזאָגט צו מאַכען 2 פּאַ־פּירענע מיצלעך.

פ י נ י: דו קענסט דען, בעריהמערין? גיב אַהער די צייטונג: איך וועל זיי מאַכען 2 היטלען, ווי דער בעסטער קירזשנער. (אָב מיט דער צייטונג).

ק ל מ ן: אַלזאָ, הייסט עס, זענט איהר דער בערדיאַנסקער רבי? וואָס־זשע? איהר זענט פון די אַמאָליגע רבנים, צי פון די היינטיגע?

ר ב: וואס איז דער חילוק? אמאליגע, אדער היינטיגע?

קלמן: דער חילוק איז: די אמאליגע זענען געווען לומדים, און די היינטיגע ווייסען נישט פון דאגען ביז אהער.

ר ב: האט מיר קיין פאריבעל נישט, איך האב סמיכות.

קלמן: הערסט א חכם — סמיכות! א גרויסע זאך היינטיגע צייטען סמיכות.

בלומע: דער טאטע ווייסט נאר איינס: צו זיין א בייזער, אבער אין דער ווירקליכקייט...

קלמן: איך בין חלילה נישט בייז, נאר גארנישט... אנדערע רבנים, איהר ווייסט דאך... און אט איז שרה-העניע.

## שרה העניע (מיט כיבוד.

שרה: רבי, שהכל מיט מזונות! נו, רבי, נעהמט אביסעל. מיינער טרינקט נישט, איך לאז איהם נישט טרינקען, נישט רויכערען. ער פלעגט ליידען, נישט פאר אייך געדאכט, קאפ-שמערצען.

קלמן: זי וויל, דער גאנצער קאפ-ווערהטאג זאל בלייבען ביי אנדערע. (עסט).

ר ב: נו, יעצט וועל איך הערען אייער עסק; איך האב נאך דא ביי אייך אין ארעהאווע א גרויסען דין-תורה! אייער ארעהאווער רב ווארט אויף מיר.

קלמן: אונזער ארעהאווער רב ווייסט נישט פון דאגען אהער, און אויסער דעם, איז ער, נישט פאר אייך געדאכט, א גרויסער מלמד.

ר ב: עס זאל זיך נישט טרעפען, ווי עס טרעפט זיך, א באשערטע זאך פון גאט.

שרה: און א דאס, רבי, איז אונזער טאכטער? מיר האבען נאר איין קינד, קיין זוהן האט אונז גאט נישט געגעבען...

קלמן: דערפאר אבער האט מיין ברודער — איהר האט אפשר געהערט: „אבא סטאראדוב" פון פאוולאגראד — איהם האט דער רבונו של עולם געגעבען 2 זיהן מיט 4 טעכטער, האבען מיר ביי איהם איין זוהן צוגענומען, אט דער יונגער פיני.

שרה: ער איז ביי אונז אויסגעוואקסען און אויסגעהאדעוועט געווארען ווי א לייבליך קינד, ווי זאגט מען עס, עס וועט דאך זיין איבער



120 יאהר נאך אונז א קדיש.

קלמן: א גליק האט געטראפען, א קדיש, איך האב פשוט געוואלט א הילף, האב איך איהם גענומען צום געשעפט.

שרה: א ברירה האסטו געהאט! און אויסער דעם, מיר האבען געהאפט, די קינדער וועלען אויסוואקסען, וועלען זיי חתונה האבען; אוי, פיני האט גע'חלש'ט נאך איהר. ער פלעגט אויסגעהן נאך איהרע טריט, ער פלעגט זי עסען מיט די אויגען.

בלומע: אוי, מאמע, צו וואס דארפסטו זיי דאס דערצעהלען ?

שרה: וואס דארפסטו זיך שעמען, נארעלע? מיר זענען איינגענע מענשען. איידער מיר האבען זיך ארומגעקוקט, איז ביי אונז אויסגעוואקסען א מויד, קיין עין-הרע, אזוי ווי א טענענבוים. מאכט זיך איהר צו פאהרען נאך טאקמאק אויף א חתונה צו א בעקאנטע; דארט בעגעגענט זי זיך מיט א יונגענמאן, נפתלי הערץ לעווין; מען קען נישט לייקענען, א שענער בחור, און א בעל-הבת'יש קינד. נו, היינטיגע יונגעלייט, איז ביי זיי באלד געווארען קוצעניו-מוצעניו. וואס זאל איך אייך פיל דערצעהלען, רבי, ביי זיי איז געווארען א שידוך! בלומע, זאג איך, געוואלד, אונזער פיני האט דיך אזוי ליב! זאגט זי: איך האב איהם אויך ליב, אבער נאר ווי א ברודער, און איך וויל נישט ליב האבען מיין מאן ווי א ברודער, זאגט זי, איך וועל מיין מאן ליב האבען ווי א מאן.

בלומע: ניין, מאמע, אזוי האב איך קיינמאל נישט געזאגט! ג

שרה: האסט געזאגט מיט אנדערע ווערטער; דו ווייסט דאך, אנ'אלטע יודינע רעדט אנדערש, אבער מיינען מיינט זי די זעלבע זאך! נו, אז מיר האבען איין קינד, ווילען מיר זי דאך נישט אוועקלאזען פון דער היים; האבען מיר גענומען דעם איידעם צו זיך. פיני נעבעך האט געוואלט אוועקגעהן פון אונז, האב איך זעהר געוויינט, איז ער געבליבען. וואס זאל איך לייקענען? אזוי ווי א קינד איז ער מיר איינגעבאקען אין הארצען, און צום איידעם חלילה האב איך אויך גארנישט געהאט.

קלמן: ער האט געהאט א גוט גמרא-קעפעל און האט געקענט אנשרייבען א שענעם מליצה-בריף; אונז האט ער אפגעגעבען כבוד, און זי האט ער געטראגען אויף די הענד. דאס איז אמת, ווי זאגט מען? אז דאס, וואס עס איז ליב, מעגען די קרובים זיין קארנאסע.

בלומע: ער איז געווען א זעלטענער גוטער מענש! איך געדענק, ווי אין א ווינטער, ווי ער איז אמאל געווען אונטערוועגנס 3 וואכען און ווען ער איז א היים געקומען, איז געווען אין מיטען נאכט, האט ער נישט געוואלט שטערען מיין רוהה און די זיסע רוהה פון די קינדער, איז ער די גאנצע נאכט געשלאפען אין בריטשקע, און... אוי ווי ער האט עס ליב געהאט די קינדער!...

קלמן: א חידוש, נו... איך זאל זיין אזוי שטארק, וואלט איך אויך גענעכטיגט אין בריטשקע און נישט געוועקט מיין שרה־העניע. ער איז געווען א גבור, די גויים האבען געציטערט פאר איהם, ווארום נאר עפעס, פלעגט ער אריינפאהרען אין פאק אריין, און דאס טאקע האט איהם געבראכט צום אומגליק. ער האט זיך פערשפילט.

בלומע: ער האט געהאט א יודיש הארץ און 2 אייזערנע הענד.

שרה: דו רעדסט נאך, קלמן משה? איבער דיר האט ער דאך דער'הרג'עט א מענשען.

רב: דער'הרג'עט א מענשען? רחמנא ליצלן!

קלמן: נו, יא, ער האט זיך טאקע אנגענומען פאר מיר, אבער בעסער וואלט געווען, ער זאל מיר נישט געווען טון די טובה. א יוד דארף נישט האבען א רציחה, שלאגען, הרג'ענען, פערגיסען בלוט, דאס איז נישט קיין יודישע מדה.

בלומע: נו, יא, א יוד דארף שטעהן און קוקען, ווי מען שלאגט זיינע קינדער אדער די עלטערן פון זיין ווייב, דערפאר זענען מיר טאקע אזוי אומגליקליך, ווייל מיר האבען נישט די מדה צו שלאגען.

קלמן: א נאווינע! א יוד קריגט א פאר קלעפ, דארף מען חלילה ווערען א רוצח? איהר פערשטעהט! א פארטיע שכורים זענען געקומען צו מיר אין קראם, האבען גערויבט און גע'גזל'ט; איז נאך ווייניג — האט מיך איינער אנגעהויבען שלאגען מכות־רצח. ווען דער איידעם איז אריינגעלאפען און האט מיך דערזעהן א צובלוטיגטען, — זיין בלומע'ס טאטע, א קלייניגקייט! — האט ער געכאפט אן'אייזערנעם 2־פונטניק און האט דעם שכור'ן מיט איין קלאפ צוהאקט דעם קאפ.

שרה: ער האט חלילה נישט געמיינט צו הרג'ענען אויף טויט; א היין־



קאפ. אוי, וואס מיר האבען דאמאלס איבערגעלעבט!

קלמן: עס האט גענוג געקאסט! מילא פון טרעהרען און יסורים רעדט מען שוין נישט! דער סוף איז געווען, מען האט איהם פערשיקט אויף 5 יאהר קאטארגע, און נאך דעם זאל ער אייביג בלייבען אין סיביר. פון אנפאנג האט ער געשריבען בריף, און מיר האבען זיך געקליבען דאס אלעס צו ליקווידירען און, ווי עס וועלען זיך ענדיגען די 5 יאהר, שיקען איהם זיין ווייב, און — אויב עס איז מעגליך — אויך אליין אהין איבערציהען זיך. וואס טוט מען נישט, אז מען האט נאר איין קינד? אזוי איז אוועק כמעט 3 יאהר, און זי האט געצעהלט די מינוטען.

שרה: איהם איז געבליבען צו דולדען אביסעל מעהר פון 2 יאהר, ער איז אבער געווען א היציגער און האט נישט געוואלט ווארטען... מיר ווארטען — נישטא קיין בריף. מען האט געשריבען, געפרעגט; 2 יאהר האט געדויערט, ביז מיר האבען זיך דערוואוסט, אז ער איז מיט נאך איינעם אנ'ארעסטאנט אנטלאפען פון סיביר, און — אזוי ווי אין וואסער אריין.

קלמן: אונזער פיני, קען מען זאגען, האט זיין לעבען מקריב געווען; ער האט נישט געקענט זעהן בלומע'ס יסורים; און עס איז איהם ענדליך געלונגען אויסצוגעפינען, אז ביידע ארעסטאנטען זענען אנטלאפען איבער דער כינעזישער גרעניץ. מעהר האבען מיר פון איהם נישט געהערט.

שרה: מיר זענען בדיל־הדל געווארען. פון איהם זענען געבליבען 2 קינדער, א יונגעל מיט א מיידעל, איינס פון איבער 2 יאהר און דאס צווייטע פון איבער 6 חדשים. די קינדער וויסען פון גארנישט, זיי רופען פיני'ען טאטע, ער הארעוועט, און עס פעהלט איהר חלילה גארנישט, און אויך די קינדער. אבער וואס וועט זיין דער תכלית? עס קען דאך אבער אייביג אזוי נישט זיין.

קלמן: עס געהט אוועק א יאהר, צוויי, די בעסטע יונגע יאהרען געהען אוועק, און מיר ווערען אלט. פריהער האט זי פון קיין זאך נישט געוואלט הערען; נאכדעם האט זי געבעטען, מען זאל ווארטען נאך א יאהר. זי האט געהאפט, ער וועט קומען. איצט זעהט זי אמוועניגסטען — זאגט זי — אז עס איז א רחמנות אויף פיני'ען, עס איז קיין תכלית נישט פאר איהר, אבער זי האט א

נוטען תירויק: זי איז אַנ׳ענונה. נו, נו, האָט זיך אָנגעהויבען אַ חתונה מיט שאלות=ותשובות מיט אייערע רבנים און דיינים! וואו הין האָבען מיר נישט געשריבען? און צו וועמען האָבען מיר זיך נישט געווענדעט? נאָר נעה, שרייַ חי=וקיים, אז זיי וויסען נישט פון דאַנען ביז אַהער.

בלומע: איך פיהל, אַז ער לעבט! מיין האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, ווען ער וואָלט געשטאָרבען. זעהר אָפט חלומ׳ט זיך מיר בייַנאַכט, ווי ער נעהמט אייַנער אַליין נעבעך איבער די פעלדער פון סיביר און רופט: בלומע! מייַנע קינדער!

**פיני** (קומט פון רעכטס)

פיני: בלומע! איך האָב די קינדער וואַרעם אָנגעטהון און האָב זיי געשיקט אין דרויסען, זאָלען זיי אַביסעל אַרומלויפען און גלי=טשען זיך.

שרה: אוי וועה איז מיר, זיי וועלען זיך פערקיהלען חלילה.

פיני: קינדער, וועלכע מען לאָזט קיינמאָל נישט אויף דער פרישער לופט, פערקיהלען זיך גיכער.

רב: יעצט לאָמיר זעהן נאָכ׳ן שכל=הישר, פאַרוואָס איז פון איהם די לעצטע 8 יאָהר אין קול ואין עונה! האָט ער אפשר דאָרט אַנ׳=אַנדער ווייַב?

בלומע: ניין, רבי! איך וועל שווערען, אַז נישט.

רב: האָט ער זיך אפשר רחמנא=ליצלן גע׳שמד׳ט?

קלמן: ווייס איך, וואָס הולט איהר אַ קאָפּ.

רב: זאָגט דער שכל=הישר, אַז עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז אויב ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער אין אַ צייַט פון 8 יאָהר געוויס זיך געלאָזט הערען צו זיין ווייַב און צו זייַנע קינדער. אלא וואָס דען? זאָגט דער שכל=הישר, אַז זי איז נישט קיין ענונה, נאָר אַנ׳אלמנה.

קלמן: דו הערסט, בלומע? נו, וואָס האָבען מיר דיר געזאָגט?

רב: בלי שום ספק, דער שכל=הישר זאָגט טאַקע, אַז זי איז אַנ׳אלמנה, דער דין אָבער זאָגט, אַז זי איז אַנ׳ענונה, און ווען זי זאָל אפילו 20 יאָהר וואַרטען, איז זי אַליץ אַנ׳ענונה. (צו פיני׳ען) יונגערמאַן, איהר האָט מיר צוגעזאָגט 100 רובל, אַז איך וועל געפינען אַנ׳=עצה. בייַ אַנ׳אַנדער יודישער זאַך וואָלט איך זיך שוין אַנ׳עצה



געגעבען, עס איז אָבער קיין שפּילעכעל נישט, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַנ׳אשת=איש. האָט אויף מיר קיין פאַריבעל נישט און האָט מיר אַ גוטע נאַכט. (אָב).

בלומע: אַ גוטע נאַכט, רבי, געהט געזונדערהייד.

קלמן: דער שכל=הישר זאָגט — איז גאָרנישט! דער עיקר איז דער דין! המורים... אוי, אַ מהומה זאָל — שונאי ישראל...

שרה: וועה איז מיר! הייסט עס, מיר זענען געבליבען שטעהן דאָרט, וואו מיר זענען געוועזען.

פיני: ניין! עס קען נישט און עס וועט נישט בלייַבען אַזוי ווי עס איז געוועזען, אַז מען קען נישט געהן נאָכ׳ן דין נאָך, וועלען מיר זיך ריכטען נאָכ׳ן שכל=הישר.

שרה: גאָט איז מיט דיר, וואָס מייַנסטו דערמיט?

פיני: איך וועל אייַך זאָגען דעם אמת, איך קען עס נישט איבערטראָ=גען, עס מוז נעהמען אַ סוף, אַנ׳ענדע!

שרה: יאָ, עס מוז נעהמען אַנ׳ענדע, אָבער וואָס קענסטו טון?

פיני: איך האָב בעשלאָסען, מיר מוזען ליקווידירען אונזערע געשעפ=טען און באַלד נאָך פסח אַרויספאָהרען נאָך אַרגענטינא, דאָרט איז אַ נייַע וועלט, מיר וועלען דאָרטען אָנפאַנגען אַ נייַ לעבען. קיינער קען אונז נישט דאָרט, מיר וועלען זיך געבען נייַע נעמען און מיר וועלען ווערען אַנדערע מענשען.

שרה: אַז דו וועסט זיך געבען אַ נייַעם נאָמען, וועט דיך דאָרט גאָט נישט דערקענען?

קלמן: זאָל ער איהם דערקענען. ער איז גערעכט, מענשען דאַרפען נאָר נישט דערקענען, אָבער אַז גאָט וועט דערקענען, איז קיין סכנה נישט.

פיני: אויב איהר וועט נישט וועלען, וועל איך אַליין פאָהרען, איך קען נישט מעהר, עס איז איבער מייַנע קרעפטען.

קלמן: בלומע, בערעכען, מיר ווערען אַלט, ווער וועט זאָרגען פאַר דיר? דייַנע קינדער וואַקסען אונטער, מען דאַרף זיי בילדען, ער=ציהען, מאַכען פאַר מענשען, ווער וועט אייַך בעשיצען?

שרה: ער זאָגט עס אַזוי גרינג, ער וועט אַליין פאָהרען! וואָס? איז ער דען נישט מיר קיין קינד? אויסגעהאָדעוועט געוואָרען אויף מייַנע הענד, כמעט 30 יאָהר, ווי אַ זוהן.

פ י נ י : גלויבט מיר, עס וועט מיר זיין זעהר שווער אייך צו פערלאָזען, איך וועל אייך אַלע ביז אין מיין טויט נישט פערגעסען, אָבער דאָ מיט אייך קען איך נישט מעהר... אייער לעבען איז מיר טייער, און ביי אייער לעבען שווער איך אייך, אַז איך פאָהר נאָך אַרגענטינאַ.

ב ל ו מ ע : איך וועל דיר זאָגען, פיני, איך ווייס, וואָס דו האָסט געטון פאַר מיינע עלטערן, וואָס דו האָסט געטון פאַר מיר און וואָס פאַר אַ געטרייער פאָטער דו ביזט געוועזען צו מיינע קינדער! איך ווייס וויפיל איך בין דיר פערפליכטעט, אָבער איך האָב אַ מאַן. ווען איך זאָל וויסען, אַז ער איז טויט, וואָלט איך נישט געוואַרט, אָבער געהערען צו 2 לעבעדיגע מענשען קען איך נישט.

פ י נ י : בלומע, איך צווינג דיך נישט חלילה, איך וועל דיר נישט איינרעדען; מיר האָבען שוין גענוג גערעדט וועגען דעם, איך זאָג דיר נאָר, איך שווער דיר, אַזוי ווי עס איז טאָג, אַז איך פאָהר נאָך אַרגענטינאַ!

ב ל ו מ ע : איך בעט דיך, ברודער, פריינד, וואַרט נאָך 1 יאָהר! פער שרייב דיר דעם טאָג: היינט איז דער 12=טער פעוורואַל, אויב מיין מאַן, מיין אָרימער מערטירער, וועט ביז איבער=אַ=יאָהר דעם 12=טען פעוורואַל נישט לאָזען וויסען אָדער הערען פון זיך, אַזוי וועל איך נישט ווידערשפּרעכען און וועל טוהן וואָס דו וועסט מיך הייסען. איך בעט דיך, פריינד, איין יאָהר וואַרט נאָך, איין יאָהר!...

פ י נ י : (נעמט אַרויס אַ ביכעל פון קעשענע, פערשרייבט): אַלזאָ, אין אַ יאָהר אַרום, דאָס הייסט, דעם 12טען פעוורואַל 1886=טען יאָהר. (קוקט אויפ'ן זייגער) פונקט 3 אַ זייגער נאָכמיטאָג. (זיפצט שווער. דער זייגער קלינגט. בלומע פאַלט אויף שרה=העניע'ס הענד, ווייגט).

**פ אָ ר ה אַ נ ג.**



# צווייטער אַקט.

(מיט 11 יאָהר שפּעטער. פיני סטאַראַדוב'ס הויז. שרה לעזט אַ צייטונג. קלמן שפּאַצירט מיט אַ בוך).

ק ל מ ן : אויך מיר אַ מדינה אַמעריקאַ! אוי, אַ מהומה זאָל שונאי ישראל! יעדער לעזט דאָ צייטונגען, אַ יודינע, אַ מויד, אַ רביצין, אַ יונגעל; דאָ ווערט געבוירען אַ קינד מיט אַ צייטונג אין דער האַנד. יודישע גאַזעטען — אויך מיר צייטונגען, ווייסען נישט פון דאַנען אַהער. אַ סך זאַכען ווייסען זיי דאָ, די גאַנצע תורה לערנען זיי דאָ פון די צייטונגען, זיי ווייסען נישט פון דאַנען אַהער. אין די יודישע צייטונגען איז נישטאָ קיין קלענערע סומע פון 50,000; איז אַ מבול — זענען דערטרונקען געוואָרען 50,000; האָבען זיך צוויי ווייבער צופּאַטשט אין מאַרק — זענען פערוואונדעט געוואָרען 50,000. דאָס גאַנצע לעבען דאָ איז אַ בלאָף, אַ ליגען, אַ רעקלאַמע. אוי, אַ מהומה זאָל שונאי ישראל...

ש ר ה : איך זעה, דו ביזט בייז אויף אמעריקאַ, ווייל די קינדער זענען נישטאָ און דו האָסט נישט מיט וועמען צו שפּילען אַ שאָך, טאָמער וואָלסטו מיט מיר געשפּילט כאָטש אַ דאַמקע.

ק ל מ ן : אַז דו ווילסט שפּילען אַ דאַמקע, וועל איך דיר צוליב טוהן, (שטעלט אויס) אַ ברירה האָב איך, אַז עס איז נישטאָ מיט וועמען צו שפּילען אַ שאַך, מוז מען דאָך דערווייל שפּילען אַ נאַרישע ווייבערישע שפּיל; דו זאָלסט אָבער לאַנג נישט טראַכטען, דאָס מאַכט מיך בייז; איך געה דער ערשטער. (געהט).

ש ר ה : וואָס דען, איך וועל געהן די ערשטע?

ק ל מ ן : איך געה מיט'ן גרויסען טראַקט.

ש ר ה : און איך געה מיר אין ווינקעלע. אַזוי שפּעט, און פיני איז נאָך נישטאָ פון זיין קאַנצעלאַריע, און אַז ער קומט שוין אַהיים, הולען איהם די קליענטען אין קאָפּ. ער אַרבייט נעבעך שווער, וועה איז מיר פאַר זיין קאָפּ.

קלמן: נו, און אַז ער האָט שוין שטודירט אויף אַדוואָקאַט, האָסטו דען ווענִיג געאַרבייט?

שרה: יאָ, איך האָב געהאָרעוועט די גאַנצע וועלט מיט געפילטע פיש און מיט קניזשעלעך.

קלמן: בלומע געבעך האָט נישט געאַרבייט? זאָג נאָר, איך... ע... אַלטע, נעהם נישט צוריק קיין נאַנג, געגאַנגען, ברודער, איז געגאַנגען.

שרה: נישט נעהמען צוריק? נו, דאַרף מען נישט! און פיני אַליין האָט נישט געאַרבייט און שטודירט? אָ, איז דאָס געווען אַ צייט! היינט די צרות אין דער זיסער אַרגענטינאַ, און דאָס שלעפען זיך אַהער? בעסער זאָל מען אַזוינס נישט דערלעבען. איך געה אַהער.

קלמן: אַז איהם האָט זיך פערגליסט צו זיין אַנ'אַדוואָקאַט אין ניו-יאָרק! אַ גרויסע זאַך איז דאָ אַנ'אַדוואָקאַט! ביי אונז אַנ'אַדוואָקאַט איז טאַקע אַ מענש, און וואָס איז ער דאָ? זיי ווייסען נישט פון דאַנען אַהער... ע, שרה'ניו, ביזט געקומען צו פאָהרען, זעהסט, שלום עליכם! וואָס מאַכט אַ יודינע? איצט געה איך אַהער, איך וועל נעהמען צוויי.

שרה: וואָס הייסט דו געהסט? ביזט דאָך ערשט געגאַנגען? און דו נעהסט נאָך אַמאָל, 2 געגג מיט איין מאָל? אַ קוניץ אַזוי?

קלמן: וואו בין איך געגאַנגען? וואָס דולסטו מיר אַ קאָפּ, געגאַנגען גאָר?

שרה: אָט ערשט ביזטו דאָך געגאַנגען מיט'ן שטיין אַהער? אַ קוניץ מיט אַ שווינדעל.

קלמן: איך שפּיל מיט שווינדעל? ווען בין איך געגאַנגען? הערסט אַ חוצפה צו זאָגען, אַז איך...

שרה: בייזער דיך נישט, קלמן משה, דו ביזט גערעכט: איך האָב אַ טעות געהאַט, מיר האָט זיך אויסגעוויזען. נעהם 2, נאַרעלע, נעהם, דו בייזער יוד, פאַרוואָס נעהמסטו נישט דיינע 2?

קלמן: נעהמען? דעם אמת געזאָגט, מיר דאַכט זיך, איך בין טאַקע געגאַנגען 2 מאָל. אַלטע גנב'טע! דו ווייסט דאָך, אַז דו האָסט קיין טעות נישט געהאַט, וואָס-זשע זאָגסטו, אַז האָסט אַ טעות געהאַט, און הייסט מיר נעהמען?

שרה: וואָס-זשע, אַז דו נעהמסט, בין איך אומגליקליך? איבער אַ



שפּיל זאָל איך דיך חלילה ערגערן און אויפרייצען? שוטה, דיין געזונד איז ביי מיר טייערער פון אַ דאַמקע.

קלמן: שרה'ניו, ווען נישט דו, וואָלט איך שוין מיט 20 יאָהר צוריק געלעגען אין דער ערד.

שרה: ניין, אַלטער! אין דאַמקעס מעגסטו געהן דער ערשטער, אין דער ערד אָבער — וועל איך דיך נישט לאָזען צום ערשטען.

קלמן: שרה'ניו, דו ביזט אַ גוטער מענש.

## אויפטריט בלומע.

בלומע: אוי, וואָס טוהט איהר עס דאָ? איהר אַלטע גנבים וואָס איהר זענט! מאַמע, מען באָדט אַצינד הערצעניו'ן; זאָלסט זעהן, ווי ער בריקעוועט מיט די פיסלעך און מיט די הענטלעך, אוי, אַזאַ טייערער זיסער לויפער!

קלמן: וואו איז דאָס בוך? איך האָב ערשט געהאַלטען דאָס בוך, דעם 2-טען באַנד פון גרעץ'ס געשיכטע, וואו איז דאָס בוך? אוי, אַ מהומה שונאי ישראל...

שרה: בייזער יוד, האָסט דאָך ערשט דאָס בוך אַריינגעלעגט אין שאַנק. (אָב).

בלומע: טאַטע, שוין אַזוי שפּעט און פיני איז נאָך נישטאָ פון זיין קאַנצעלאַריע. די וואָלסט איהם בעדאַרפט אַביסעל אויס'מוסר'ן; ער וויל, מיר זאָלען אונבעדינגט לעבען ווי די מאַגנאַטען און הערען גלייך. נאָכדעם וואָס מיר האָבען די לעצטע צייט איבערגעלעבט, וואָלטען מיר שוין יעצט בעדאַרפט לעבען אַביסעלע אַנשטענדיגער. און ער איז קיינמאָל נישטאָ אין דער היים. די קינדער וואַקסען אויף ווי אָהן אַ טאַטען.

קלמן: אין אַמעריקאַ צוליב די געשעפטען האָט מען נישט קיין צייט צו זיין אַ טאַטע צו די קינדער.

בלומע: טאַטע, איך זעה, אַז איהר האָט נאָך דאָ נישט געענדיגט אייער דאַמקע. איך געה שוין דיר אַריינשיקען די מאַמע. (קינד וויינט) דו הערסט, ווי ער קאָמאַנדעוועט דאָרט, דער לויפער? (אָב)

קלמן: זי האָט זיך איינגאַנצען איבערגעגעבען צו די קינדער און האָט אין אַלעם פערגעסען. די נאַטור וויים נישט פון קיין חכמות און פרעגט קיין שאלות. מערקווירדיג איז אָבער דאָס, וואָס אַלע

איהרע 3 יונגערע קינדער זענען נישט עהנליך צו פיני'ען, נאָר 2 טראָפּען וואַסער יענער. איך און די אַלטע מיינע, מיר רעדען אָפּט דערפון, און מיר קענען זיך נישט אָנ'חידוש'ען. געוואַלד! ווער קען וויסען די אַלע סודות־הטבע, די גרויסע וואונדער פון דער נאַטור? (לעזט) אָט דאָס איז אַ היסטאָריקער, נישט ווי דאָ, אין אַמעריקאַ. יעדער אַמעריקאַנער שרייבט אַ בוך און ווייסט נישט פון דאַנען אַהער. (מען פייפט) אַהאַ, אונזער פייפער, דער אַמעריקאַנער סטודענט געהט שוין.

## אויפטריט בעני.

בענ י: העלאָ, זיידע! דער פּאַפּאַ איז נאָך נישטאָ? אַ פרוי וויל איהם זעהן.

## אויפטריט א פרוי.

פרוי: איז מר. סטאַר דער אַדוואָקאַט דאָ?

קלמן: (בייז) וואָס איז? איהר ווילט אייך גט'ן? מר. סטאַר איז נישטאָ!

פרוי: איהר זענט נישט מר. סטאַר? און ווער זענט איהר? אויך אַנ'אַדוואָקאַט?

קלמן: מען זאָגט אייך, אַז מר. סטאַר איז נישטאָ, וואָס דאַרפט איהר מיר דולען דעם קאָפּ.

פרוי: און ווער זענט איהר דאָ? אַ דינער פון דער קאַנצעלאַריע? איך האָב געוואָלט פרעגען מר. סטאַר, צי זאָל איך קומען מאָרגען אין געריכט, צי וועט מען מיך קומען רופען?

קלמן: איך בין דער דינער פון דער קאַנצעלאַריע, מען וועט אייך קומען רופען, קומט מאָרגען אין געריכט, און דולט מיר נישט דעם קאָפּ. געהט, איהר וועט קומען שפּעטער. (וואַרפט זי אַרויס, בייז).

בעני: אָ, זיידע! אַזאַ בעדינטער קען צוטרייבען אַלע קליענטען דעם פּאַפּאַ'ס. (ער פייפט).

קלמן: ווען די אַדוואָקאַטען אָבער וואָלטען אַזעלכע קליענטען געטריבען מיט שטעקענס, וואָלטען דאָך די געריכטען נישט געווען פיל מיט אַזעלכע סקאַנדאַלען, מחלוקת, שווינדלען און שמוץ. אַ שענער כבוד פאַר יודען אָט די דאָזיגע פּראָצעסען מיט אונזערע ווינקעל־אַדוואָקאַטען!



בעני: דערפאַר האָט דער פּאַפּאַ געוואָלט, איך זאָל נאָר שטודירען אַלס אינזשינער. (פייפט, צייכענט).

קלמן: אַ שענער אינזשינער, אַ סך זאַכען ווייסט איהר דאָ! ווייסט נישט פון דאַנען אַהער, אויך מיר אינזשינערען אין אַמעריקאַ!

בעני: וואָס? (נעהמט אַ דאָלאַר פון טאַש) איך וועט אַ דאָלאַר געגען דיינע 10, אַז ביי אייך אין רוסלאַנד וועט מען אין 100 יאָהר אַרום נישט קענען אינזשינערייַ, ווי מען קען יעצט דאָ ביי אונז אין אַמעריקאַ.

קלמן: הערט, אַנ'אַמעריקאַנער ליפער! אַז דו ביזט יאָ אַזוי זיכער, פאַרוואָס־זשע וועטסטו אויף דאָלאַר געגען מיינע 10?

בעני: ווייל מיין פערמעגען איז איין דאָלאַר.

קלמן: קום, גנב, לאָמיר שפּילען אַ שאַך.

בעני: איך קען נישט, איך האָב היינט צו פיל אַרבייט.

קלמן: אַרבייט! אויך מיר אַרבייט, ווען דו זאָלסט קענען די גאַנצע טאַבעלע לאָגאַריפמען אויסווענינ, וואָלט איך געוואוסט, אַז דו ביזט אַ מאַטעמאַטיקער.

בעני: עֶ... ווייס איך וואָס! (פייפט).

קלמן: ווייס איך וואָס! מיר האָבען געלערנט מאַטעמאַטיק שפּילענדיג זיך.

בעני: מיר שפּילען זיך אין באַלען און (פייפט) מאַטעמאַטיק לערנען מיר צוליב געשעפט.

קלמן: נו, יאָ, איז דאָ ביי אייך אַלעס צוליב געשעפט? הער אויף פייפען, איך בעט דיך! אין קיין לאַנד פייפט מען נישט אַזוי פיל, ווי אין דעם ווילדען אַמעריקאַ. אַזאַ היץ־קאָפּ און אַזאַ רוצח ווי דער טאַטע דיינער, ער וועט נאָך אויך עמיצען דער'הרג'ענען.

בעני: זיידע, דו ביזט בייז אויף מיר? קום, אַלטער, מיר וועלען שפּילען אַ שאַך; נאָר, נישט בייז. נו, גיב דיין האַנד, זאָל זיין שלום.

קלמן: פאַרוואָס זאָל איך זיין בייז אויף דיר, נאַר? איך ווייס, דו ביזט אַ משוגע'נער, ווי דיין... ווי דיין זיידע... וועלען מיר, הייסט עס, שפּילען אַ שאַך?

בעני: דו אָבער מיין נישט, אַז דו שפּילסט מיט דער באָבען. אונזער

געזעין: האָסטו דיך נאָר צוגעריהרט צו אַ פיגור, איז גלייך ווי געגאַנגען.

קלמן: יאָ! איז גלייך ווי געגאַנגען! הולכ׳ט מען. (געהט).

בעני: דער פּאַפּאַ קומט.

## אויפטריט פינף.

פיני: העלאָ, בעני, וואָס טוט די מאַמע?

בעני: די מאַמע טוט זעהר גוט.

קלמן: איך וועל געהן זאָגען די בשורה! די צומיש דערווייל נישט די פיגורען, די אַמעריקאַנער פּאַטריאָט מיינער; אַ מדינה אַמע־ריקאַ! (אָב).

פיני: (געהט צום טיש) אַהאַ! גאָלדוואָרג האָט מיר געשיקט די ציינגנישען, ס׳אַ שאַנדע! וויפיל צייגנישען זיי האָבען מיר דאָ צו־געשיקט, אַ גאַנצען פּאַק! צו געבען אַ פאַלשע צייגניש איז ביי אונז לאַנדסלייט אַ שפּילעכעל. מיינע קאָלעגען לערנען זיי פער־שידענע שפּיצלעך. יאָ, די מאָראַל פון די יידישע מאַסען ווערט נישט פערבעסערט דורך אונזערע אַדוואָקאַטען. עס געלינגט אַמאָל מאַכען אַ קרומען שריט, מיינען זיי, אַז עס וועט שטענדיג גע־לינגען. אונערוואַרטעט טוט דער פערפאַלגטער אַ קלאַפּ אין טיהר און זאָגט: העראַדוואָקאַט! קומט אָבגעבען דין וחשבון. (מען קלאַפּט). אַריין!

## אויפטריט הערין.

פיני: מיין פריינד, אַזוי קלאַפּען די טיהר – קען מען זי נאָך צובּרעכען.

הערין: אויב איך וועל נישט קענען דאָס הויז איבערוואַרפען, וועל איך כאָטש די טיהר צוברעכען. קען איך זעהן מר. סטאַר?

בעני: נאָר, פערברעכער ברעכען די טיהרען, און דערפאַר שיקט מען זיי אַהין... איהר ווייסט, איהר זענט שוין אַמאָל געווען דאָרטען?

פיני: דער מאַן מיינט גאָר נישט, ער מאַכט נאָר שפּאַס, און די ווילסט זיך שוין קריגען מיט איהם. זיצט, איך וועל אייך באַלד אויסהערען. פאַרוואָס זעצט איהר זיך נישט? בעני, האָסט אפשר אַ סיגאַרעט? איך בין מיד היינט, דער קאָפּ אַרבייט ביי מיר נישט.

בעני: פּאַפּאַ, דו ווייסט דאָך, אַז נישט די מאַמאַ און נישט די אַלטע



חברה דאַרפען וויסען, אַז איך רויכער. און דער היים רויכער איך קיינמאָל נישט. פּאַפּאַ, מיר איז זעהר נישט אַנגענעהם, נו, איך מוז דיך ווידער בעטען געלד, איך קען מיר נישט העלפען.

פיני: נו, דו וועסט דאָך נישט בעטען קיין געלד אויף אַזעלכע זאַכען, וואָס די דאַרפסט נישט. וויפיל דאַרפסטו?

בעני: איך דאַרף נאָך אַן׳אינזשינער־בוך, עס קאָסט זעהר טייער, 3 דאָלאַר מיט 40 סענט; היינט מיט טעקסט־ביכער איז דאָ זעהר אַ גרויסע רויבעריי. דער זיידע וואָלט זיך געפרעהט צו הערען אַזעלכע ווערטער איבער אַמעריקאַנישע געשעפטען.

פיני: אָט האָסטו 5 דאָלאַר. אַ דאָלאַר מיט 60 סענט לאָז פאַר זיך, דאַרפסט דאָך טאַשען־געלד, אַ סיגאַרעט, פוהר־געלד.

בעני: אָ, פּאַפּאַ, איך האָב נאָך אַ גאַנצען דאָלאַר!

פיני: עס מאַכט נישט אויס, אַ יונגערמאַן מעג שטענדיג האָבען אַן איבעריגען דאָלאַר אין קעשענע. (לעזט).

בעני: איך דאַנק דיר, פּאַפּאַ! דו ביזט אַ גוטער מענש.

הערין: ענטשולדיגט, יונגערמאַן, ווי איך זעה, שטודירט איהר אויף אינזשינער?

בעני: יאָ, נאָך 2 יאָהר און איך בין אַן׳אויסגעבאַקענער אינזשינער.

הערין: זייט נישט בייז, וואָס איך שטער אייך, אָבער איך מוז אייך זאָגען, אַז איהר זעהט נאָך אויס אַזוי יונג צו זיין, און שוין אינ־זשינער! ווי אַלט זענט איהר דען שוין איננאַנצען?

בעני: איננאַנצען? וועל איך ווערען 22 יאָהר.

הערין: און מעג איך פרעגען, ווי רופט מען אייך?

בעני: יאָ, די מעגסט פרעגען, און איך מעג נישט ענטפערן. אַלזאָ, מען רופט מיך בעני, אויף יודיש הייסט עס בנימין.

הערין: אוי, וועה איז מיר!

בעני: וואָס איז? דיר געפעלט נישט מיין נאָמען?

הערין: ניין, יונגערמאַן, איך בין מקנא, ווייל אַנדערע האָבען אַזעלכע געראָטענע קינדער; די קינדער לערנען גוט און זיי האָבען פון זיי נחת. איך האָב אויך געהאַט אַמאָל אַ זוהן מיט אַ טאָכטער.

בעני: זיי זענען געשטאָרבען?

הערין: איך האָב זיי נישט מעהר. האָט איהר אַ שוועסטער אויך?

בעני: יאָ! דו דאַרפסט אַלעס וויסען? אַלרייט, איך האָב צווייי שוועסטער מיט צוויי ברידער.

הערץ: ניין, איך מיין אייער עלטערע שוועסטער, און ווי רופט מען זי?

בעני: מיין עלטערע שוועסטער? מען רופט זי לילי, זי איז אַלט באַלד 20 יאָהר, לערנט אין דער רעאַל־שולע. איך קען דיר דערצעהלען אַלעס מיטאַמאָל, אויב דו ווילסט. איך האָב אַ ברודער, איז ער 8 יאָהר אַלט, מען רופט איהם מאַקס. ער לערנט אין דער שטאָדט־שולע. איך האָב אַ שוועסטער רופט מען זי פעני, 5 יאָהר אַלט, לערנט אין קינדער־גאָרטען, האָט ליב באָנבאָנס. איך האָב אַ ברודער, 8 מאָנאַטען אַלט, מען רופט איהם הערץ, ער שטודירט אין דער היים, איך האָב אַ זיידען, רופט מען איהם קלמן משה; מיין באָבע רופט מען שרה׳ניו; מיר צאָהלען דירה־געלד 50 דאָלאַר אַ חודש; דער בעל־הבית פון אונזער דירה איז אַ געלער יוד, מען רופט איהם יעקעל לאָקש.

הערץ: הא, הא, הא, איהר זענט ווירקליך ליבענסווירדיג, איהר האָט אַלעס אויסגערעכענט. מיר האָבט זיך אָבער, יונגערמאַן, אַז איהר האָט נאָך פערגעסען צו זאָגען איין זאַך, אויב איהר האָט אַ מאַמע און ווי מען רופט זי.

בעני: אויב איך האָב אַ מאַמע? מיין הער! מיין מאַמע איז די טייערסטע אויף דער וועלט, זי איז זעהר אַ גוטע; מיין מאַמע רופט מען בלומע. נו, האָב איך אייך שוין אַלעס אויסגערעכענט?

הערץ: איך דאַרף שוין יעצט גאָרנישט. (וויינט).

בעני: פאַפּאַ, זעה דער מאַן וויינט. מיין הער, וואָס איז מיט אייך? זייט אַ מאַן!

פיני: וואָס איז מיט אייך? איהר פיהלט אייך שלעכט? בעני, ברענג איהם אַ גלאָז וואַסער, בערוהיגט אייך!

בעני: עפעס האָט פאַסירט מיט דעם מענשען! (אָב).

הערץ: עס איז גאָרנישט, שוין פאָריבער. איך בין אַ שוואַכער מענש מיט אַ קראַנק האַרץ; איך האָב מיך צורעדט מיט אייער קינד, האָב איך דערווייל אויפגעריהרט דעם גאַנצען קאָפּ און אויך מיינע צרות און מיינע וועהטאָגען.

פיני: ווי איך פערשטעה, האָט איהר צרות אין אייער פאַמיליען־לעבען.



הערץ: יאָ, מיינע צרות זענען אין פאַמיליען־לעבען.

## אויפטריט בעני (מיט וואסער) שרה (מיט טעה)

שרה: וואָס איז דאָ? דער מאַן פיהלט זיך שלעכט?

פיני: ער האָט אַ שוואַך האַרץ.

שרה: זאָל איך אייך ברענגען עפעס צו דערקוויקען? אָרימער מענש, ווי בלאַס ער איז, נעבעך אַ קראַנקער! טרינקט אַביסעל וואַסער, וואו איז אייער היים? מען דאַרף אפשר שיקען אָנזאָגען?

הערץ: מיין היים? אוי! בין איך דען נישט דאָ אין דער היים? אין נאָך נעבען אַזעלכע גוטע מיטפיהלענדע מענשען, ווי איהר זענט. איך דאַנק אייך, גוטע פרוי, שוין פאָריבער.

שרה: אַבי אייך איז בעסער. פיני, וועסט טרינקען אַ גלאָז טעה, און עס אַ שטיקעל לעקעך; דיר חי״ש׳ט געווים דאָס האַרץ. דאָס האָט בלומע געבאַקען די לעקעכלעך! יאָ, פיני, דער אַדוואָקאַט גאָלדוואַרג האָט דיר געשיקט די...

פיני: די ציינגנישען? איך האָב זיי שוין. אַהאָ! און אָט איז אונזער גאַנצע קאָמפּאַניע!

## אויפטריט בלומע (מיט א קינד אויף דער האנד)

בעני: פערגעס נישט, אַז עס איז דאָ אַ פרעמדער.

פיני: בלומע, דאָס האָסט דו געבאַקען אַזאַ גוטען לעקעך?

בלומע: אָט וועל איך לאָזען די קינדער אַליין, און וועל מיך אין מיטען דרינען שטעלען באַקען לעקעך, מעהר פעהלט מיר נישט! דאָס האָט די מאַמע געבאַקען.

שרה: זי האָט מיר געהאָלפען אַביסעל, אַ גרויסע תורה! עס ליגט איהר נישט אין זינען, זייטער וואָלט זי געבאַקען בעסער פון מיר.

בלומע: דו רויכערסט שוין ווידער? דו דאַרפסט נויטיג פערניפטען די לופט, וואָס די קינדער אָטהעמען?

פיני: איך רויכער זעהר זעלטען, גלאַט אַזוי אַמאָל.

בלומע: בעני וועט זעהן, אַז דו רויכערסט, וועט ער אויך רויכערן.

פיני: איך האָף, אַז בעני וועט זיך נישט דאַרפען לערנען פון מיר.

בלומע: (צום קינד) זעה נאָר, ווי ער וויל שלאָפען, וואָלסט בעדאַרפט זעהן, וואָס ער האָט היינט אָבגעטון אין דער מולטער,

ווי ער האָט איטליכען בעשפּריצט מיט וואַסער, אָט דער ליפּער.

שרה: דו ווייסט נאָר איין זאַך, קינדער און קינדער; מען דאַרף דאָך דעם מאַן אויך אין זינען האָבען.

## אויפטריט קלמן.

קלמן: אַ קליענט זיצט שוין! מן התחם געקומען הילען דעם קאָפּ ביז האַלבע נאַכט, אַמעריקאַנער געשעפטען!

פּיני: בלומע, אָט האָסטו דאָס געלד, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט, קויף פאַר די קינדער וואָס מען דאַרף, און בעני'ן טאַקע אַ גוטען אַנציג; אַ סטודענט דאַרף זיין געקליידעט אַנשטענדיג, ווער שמועסט נאָך אַזאַ פיינער סטודענט ווי אונזער זוהן איז...

בלומע: ריהם איהם נישט אַזוי פיל, ריהמען איז זעהר שעדליך פאַר קינדער.

בעני: מאַמע טייערע, איך בין שוין נישט מעהר קיין קינד, איך בין אַ מאַן.

הערין: ניין, איך קען נישט. איך דאַרף נישט....

בעני: וואָס איז?

הערין: איך זעה, מען האָט מיך דאָ נישט אין זינען, מען האָט פערגעסען אָן מיר; איך געה....

בעני: מען האָט נישט פערגעסען; איין מינוט, דער פּאַפּאַ וועט אייך באַלד אויסהערען. (דהיימען ליליס קול).

לילי: אַדיע, פריינד! אַדיע!

בעני: אָט איז זי!

## אויפטריט לילי.

לילי: העלאָ, פּאַפּאַ! איך האָב נאָך דיר אַזוי געבענקט. בעני, ווער איז דער מאַן? זעהט ווי ער קוקט אויף מיר! אָרעמער מענש, מען זעהט, אַז ער איז אַ ליידענדער.

בעני: ער איז אַ פרעמדער.

לילי: אַ פרעמדער? אוי, פּאַפּאַ, האָבען מיר געהאַט אַ זיצונג! מען האָט גערעדט און גערעדט, עס איז געווען אַנגענעהם. מיר האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַ גרויסען קאָנצערט און דעקלאַמאַציעס, און מיך האָט מען אויסגעוועהלט צו דעקלאַמירען, אָ, פּאַפּאַ, די ווייסט, די גאַנצע געשיכטע פון איינעך־אָרדען, פון טעניסאָן; אַ



עס איז זעהר אַ שענע געשיכטע.

קלמן: נאָר רעדט, אַזוי ווי אַ גרעגער, טרר... זי קען פערדולען דעם קאָפּ אין 5 סעקונדען — טרר...

בעני: פּאַפּאַ, „איינעך־אָרדען" איז ווירקליך אַ שענע געשיכטע.

לילי: אָ, פּאַפּאַ, עס איז זעהר אַ שענע געשיכטע, איך וועל זי דיר און אייך אַלע איבערלעזען.

שרה: (צו קלמנ'ן) די זאָג בעסער, אפשר הלש'ט דיר דאָס האַרץ, שלימזולניק מיינער.

הערין: (שרייט) איך קען נישט מעהר... איך מיין... ענטשולדיגט, איך קען נישט מעהר וואַרטען.

פּיני: זעה נאָר, מיר האָבען פערגעסען, אַז ער וואַרט.

קלמן: הערט אַ מעשה פון אַ יודען, געקומען מן־התחם הילען דעם קאָפּ וועגען אַ סאָדע־וואַסער־בודע, וואָס ער האָט געקויפט אָדער פערקויפט פאַר 17 דאָלאַר, אַמעריקאַנער געשעפטען!

שרה: וואָס־זשע האָרפסטו זיך בייזערן? אַנ'אָרעמער מענש און אַ קראַנקער נעבעך.

פּיני: דער מאַן האָט רעכט, ער וואַרט צו לאַנג. קינדער! אַלע פאָהרט פון דאַנען! אין 10 מינוט אַרום וועל איך זיין מיט אייך דאָרט.

לילי: קום, באָבע טייערע, אַ גוטע נאַכט, הער בייזער פרעמדער. (אָב)

שרה: שטיל, דו שטיפעריץ! (אָב).

בלומע: קום, מיין טייער יונגעלע, זאָג: פּאַפּאַ, איך געה שלאָפען, גוטע נאַכט; זיס, ליב קינד מיינס. (אָב מיט'ן קינד).

קלמן: די, אַמעריקאַנער הער, צומיש דאָ נישט די פיגורען, מאַך נישט קיין געשעפטען. (אָב).

פּיני: וועל! איצט קומט נעהנטער צום טיש און מיר וועלען הערען, וואָס איהר האָט צו זאָגען.

הערין: איך וויל, דער יונגערמאַן זאָל אויך דאָ נישט זיין.

פּיני: דער יונגערמאַן איז נישט נאָר מיין זוהן, ער איז מיין סעקרע־טאַר, ער ווייסט אַלע מיינע געשעפטען, און איך האָב פאַר איהם קיינע סודות.

הערין: איהר האָט פאַר איהם קיינע סודות נישט! ווייסט ער ווירקליך אַלעס, וואָס איהר ווייסט?

פּיני: וואָס מיינט איהר דערמיט?

ה ע ר ץ : האַ? איך מיין נאַרנישט ! אַ יונגער מענש, געוויס ווייסט ער נישט אַלעס, וואָס מיר עלטערע מענשען ווייסען.

פ י נ י : געוויס, נאַטירליך.

ה ע ר ץ : יונגערמאַן, איך וויל דאָ בלייבען אַליין מיט אייער באַטער.

ב ע נ י : פּאַפּאַ, עפּעס איז נישט גלאַט מיט דעם מענשען. (אָב).

פ י נ י : אַלזאָ, זיצט און מיר וועלען עס מאַכען אין קורצען.

ה ע ר ץ : אין קורצען? איך ווייס, אַז די האָר וועלען זיך אייך אויפשטעלען, ווען איך וועל אייך דערצעהלען מיינע צרות וועגען דער פאַמיליע.

פ י נ י : מיר הערען זיך אָן אין ניו-יאָרק גענוג וועגען פאַמיליען-סקאַנדאַלען און פאַמיליען-דראַמען, נו, לאָמיר געהן מיט אַ סיסטעם. ערשטענס, ווי רופט מען אייך ?

ה ע ר ץ : ווי מען רופט מיך? מען רופט מיך נפתלי הערץ. בײַ אייך האָט די פעדער אַ ציטער געטון ! מיך רופט מען נפתלי הערץ ראָמונעסקאָ, איך בין פון רומעניען.

פ י נ י : אַ, פון רומעניען.

ה ע ר ץ : איך בין זעהר אַ קראַנקער מענש, ערלויבט מיר זיך צו זעצען.

פ י נ י : אָבער איך הויב נישט אָן צו וויסען און צו פערשטעהן.

ה ע ר ץ : יאָ, מיר ווייסען און פערשטעהען גאָרנישט, מיר לעבען אין דער פינסטערניש און קיינער זעהט נישט, וואָס עס קען אויף איהם קומען מיט אַ מינוט 2 שפּעטער.

פ י נ י : גוטער מענש, די אַלע רייד זענען איבעריג, איך וויל וויסען די פאַקטען, איך אַרבייט אַ גאַנצען טאָג, און וויל כאָטש עטליכע מינוט פערברענגען מיט מיין פאַמיליע.

ה ע ר ץ : מיט אייער פאַמיליע? אָ, איך וועל אייך באַלד מוזען דערצעהלען די פאַקטען. (קוקט אויף איהם).

פ י נ י : וואָס איז? וואָס קוקט איהר אויף מיר?

ה ע ר ץ : אייער פּנים איז מיר זעהר בעקאַנט און מיר דאַכט זיך, איך האָב אייך ערגעץ-וואו געזעהן.

פ י נ י : דאָס איז גאַנץ מעגליך; אַלזאָ, וואָס קען איך טון פאַר אייך ? וואָס ווילט איהר פון מיר אַלס אַדוואָקאַט ?

ה ע ר ץ : פון אייך אַלס אַדוואָקאַט? אַ פרעמדער מאַן לעבט מיט מיין פרוי.



פ י נ י : וואָס-זשע ווילט איהר טון ?

ה ע ר ץ : איך וויל פערקלאָגען דעם מאַן, וועלכער האָט צוגענומען בײַ מיר מיין פרוי, ער האָט גערויבט בײַ מיר מיין גליק, גע'גזל'ט אַלעס, וואָס איך האָב געהאַט אויף דער וועלט, אַלעס צוליב וואָס איך האָב געלעבט, מיר איז אויף דער וועלט גאָרנישט געבליבען. איך בין אייך געקומען פרעגען, וואָס זאָל איך טון יעצט ? זאָל איך איהם רופען פאַר'ן געריכט? אָדער זאָל איך איהם ערמאָרדען, אָדער זאָל איך זי... (בלומע זינגט).

ב ל ו מ ע : שלאָף איין, מיין טייער קינד, דיין מוטער זינגט דיר אַ ליד, מיט זיינע פליגלען בעשיצט דיך אַצינד דער מלאך פון פרידען און רוה — איי-ליולי-ליו-ליו.

ה ע ר ץ : אוי, ניין, הער אַדוואָקאַט ! איך קען נישט, איהר דאַרפט מיר ענטשולדיגען ! איך מוז געהן, איך פיהל זיך ווידער שלעכט ! וויפיל דאַרף איך אייך בעצאָהלען פאַר דער צייט ?

פ י נ י : אומזיסט ! איהר וועט דאָך געוויס נאָך קומען?

ה ע ר ץ : יאָ, עס קען זיין. איך וועל קומען, און אפשר וועל איך שוין גאָרנישט קומען, איך ווייס נישט. האָט אויף מיר קיין פאַריבעל, וואָס איך האָב אייך געדולט אומזיסט. אַ גוטע נאַכט. (אָב ביז צו דער טיהר).

פ י נ י : ווער איז דער פרעמדער? האַ, אַ צופאַל ! אַ צוויי-דייטיגעס וואָרט, ער קען אונז נאָך דערמאָהנען אין דעם, וואָס איז שוין לאַנג פערגעסען, שוין לאַנג אָבגעשטאָרבען. (זיפצט).

## הערץ (ביי דער טיר).

ב ל ו מ ע : (זינגט אונטער די קוליסען).

ה ע ר ץ : (בלייבט פּאָזיציאָניש, וויינט שטיל).

פ י נ י : וואָס איז דאָס? מיר דאַכט זיך, אַז עמיצער וויינט אין פאָדער-הויז; אוי, די נערוועןן, אוי די נערוועןן !

(בלומע ענדיגט דאָס געזאַנג).

**פאָרהאַנג.**

## דריטער אקט.

(דאָסזעלבע צימער. לילי לעזט אַ בוך. בעני, קלמן שפּילען שאַך).

ל י ל י: (לעזט) „און צו מיינע קינדער וועל איך זיך אויך נישט געבען צו דערקענען; זיי קענען מיך נישט, און איך דאַרף צו זיי נישט רעדען קיינמאָל! נישטאָ קיין פּאָטערליכער קוש פאַר מיר! דאָס מיידעל איז פּונקט ווי די מוטער, און דאָס יונגעלע איז מיין זוהן".

ב ע נ י: נישטאָ קיין פּאָטערליכער קוש פאַר מיר! דאָס מיידעל איז פּונקט ווי די מוטער, און דאָס יונגעלע איז מיין זוהן, — אַ גרויסער פּאָעט!

ק ל מ ן: אַ גרויסער פּאָעט! איך זאָג דיר: אַמעריקאַנער פּאָעזיע איז נעשעפּט.

ב ע נ י: אוי, דו אַלטער, וואָס האָסטו מיר דאָ אָנגעאַרבייט? (פּייפט).

ק ל מ ן: דו, ברודער, פּייף ווענינער און דענק מעהרער.

ב ע נ י: אַהאַ! איך האָב עס! וועהר גוט, מר. זיידע! נעהם דעם טורם, עס אַרט מיך נישט, איך געה אַהער.

## אויפטריט שרה.

ש ר ה: לילי, געה עסען, דיין הערצעלע דאַרף דיר אַדאַי איבער'חלש'ן. (צו קלמנ'ן) דו, בייזער יוד, זאָל איך דיר ברענגען אַהער טעה?

ק ל מ ן: היל מיר נישט דעם קאָפּ יעצט מיט טעה, שרה'ניו! אַהאַ, ער איז געקומען צו פאָהרען! גיב איהם שלום-עליכם, ברוך הבא אַ יוד, האַ, האַ, האַ.

ש ר ה: קום, ליליטשע, עס וועט אם-ירצה-השם זיך ענדיגען ביי זיי מיט אַ מלחמה. (ביידע אָב).

ב ע נ י: יעצט געה איך אַזוי; וואַרט איין, זיידע, מיר וועלען נאָך זעהן, ווער עס פאָהרט.

ק ל מ ן: און מאי קא משמע לן? געה איך מיר אַהער.

ב ע נ י: אָט דאָס, דאָס דאַרף איך! זאָג איך טאַקע שאַך, דעם קעניג מיט דער קעניגין! ר' יוד, איצט ביזט דו געקומען צו פאָהרען; מיר שפּילען נאָך די געזעצען פון שפּיל.



ק ל מ ן: איך שפּיל אויף דיינע געזעצען, איך נעהם צוריק.

ב ע נ י: איך ווייס פאַרוואָס: ווייל דו ביזט אַנ'אַלטער אַנאַרכיסט.

ק ל מ ן: ווער איז אַנ'אַלטער אַנאַרכיסט? דו אַמעריקאַנער שגיץ!

ב ע נ י: אַבנאַרען קענסטו נאָר די באָבען, נישט מיך! איך שפּיל נישט מעהר מיט דיר!

ק ל מ ן: ער וועט מיר פערווערען צו נעהמען צוריק אַ גאַנג! אַ נייעם נאַר! אָנשטאָט צו מאַכען דעם גאַנג געה איך מיר אַהער. (טעלעפאָן קלינגט). אָט האָסטו דיר! נו, העלאָ! צו וועמען רעד איך? וואָס? איך רעד צו וועמען? וואָס? העלאָ! האַ! האַלט איהם האָרט, מען דאַרף געהן רופען עמיצען. אוי, אַ מהומה שונאי ישראל! העלאָ! נו וואָס? אַ, דו ביזט עס, פיני? יאָ, ווילסט רעדען מיט בלומען? איך שיק זי דיר באַלד אַריין. אַמעריקאַ! מען דאַרף פרעגען וואָס קאָסט אַ שמעק טאַבאַק — אַ טעלעפאָן! מען דאַרף זאָגען דער פלונית'טע, זי זאָל צונעהען אַ קנעפּעל צו די הויזען, — אַ טעלעפאָן! מען דאַרף, אַז דער קליינ'ניק זאָל שיקען 3 אייער — אַ טעלעפאָן! דער עיקר איז נאָר האַלטען און איין קלינגען, און איין פייפען אין קאָפּ. (אוי, אַ מהומה... (אָב. בלומע צום טעלעפאָן).

ב ל ו מ ע: אַ, דו ביזט עס, פיני? וואָס איז עפּעס מיט דיר, אַז ווען דו נעהסט אַוועק, פרעגסטו באַלד אָן דורך דעם טעלעפאָן, צי עס איז נישט געוועזען ווער און האָט אויף דיר געפרעגט? אָט-אַ-פנים, ווי איך פערשטעה, ערוואַרטסטו אַ קליענט מיט אַ באָמבע, האַ? איך זאָג: אַ קליענט מיט אַ באָמבע; ניין, קיינער איז דאָ נישט געוועזען און קיינער האָט אויף דיר נישט געפרעגט. האַ? די קינדער? אַ פולע שטוב מיט קינדער, לילי'ס חבר'טעס, נו, וועלען זיי דיר געהן שלאָפען! האַ? הערצעניו? ער שפּילט זיך אויף זיין בענקעלע מיט די טעה-לעפעלעך, ער האָט אַלעס צובראָכען. האַ? ווי פיהלט זיך פעניע? בעסער. איך האָב איהר איינגעגעבען אַ לעפעלע ריצנאייל. (מען קלינגט). אַריין!

## אויפטריט הערץ.

ה ע ר ץ: גוד ביי. איז דער הער סטאַר אין דער היים?

ב ל ו מ ע: ערשטענס איז ער נישטאָ אין דער היים. און צווייטענס

נעהמט ער נישט אויף זונטאג קיינע בעזוכער. זענט איהר אפשר
דער מאן, וואס מיין מאן פרעגט אזוי אויף איהם אלע מאל?
א קרענקליכער, אנ'עלטערער מענש? זעה נאר, איהר פיהלט זיך
נישט גוט? מען דארף געהן מעלדען אייער פאמיליע וועגען אייך,
איהר האט אנדאי א פאמיליע דא?

ה ע ר ץ: א פאמיליע? ניין, איך האב געהאט אמאל א פרוי, האב געהאט
קינדער, יעצט האב איך גארנישט. איך לעב איינער אליין. איך
האב קיינעם נישט.

ב ל ו מ ע: פון וואס־זשע דען לעבט איהר?

ה ע ר ץ: איך ארבייט און פארדין מיר עטליכע דאלאר א וואך! וויפיל
דארף אזא מענש ווי איך? (עס פאלט עפעס).

ב ל ו מ ע: אוי וועה איז מיר! זעה נאר, איך האב מיך דא פערעדט,
און דארט האט הלילה אנ'אומגליק פאסירט; דאס קינד איז אנדאי
ארויסגעפאלען פון בענקעל! (אב).

ה ע ר ץ: גאט, גיב מיר כח דאס אלעס איבערצוטראגען און גיב מיר
פערשטאנד ווי אזוי צו פיהרען זיך און וואס צו טון. טראג די
אלע צרות, וואס דו האסט מיר געגעבען, און טראג דעם אונרעכט,
וואס מען האט מיר געטון, וויל איך דאך נישט זיין אונגערעכט
און שלעכט, אבער ליידען אומזיסט וויל איך נישט.

## אויפטריט בלומע (מיט א קינד).

ב ל ו מ ע: מיין בעני האט זיך דארטען איבערגעבעטען מיט'ן זיידען, נו,
איז שיין דארט ביי זיי ששון ושמחה! זיי קריגען זיך צעהן מאל
אין טאג און בעטען זיך איבער. זיי קריגען זיך אוי שרעקען־איבער
מיין מזיניקעל. (צום קינד) דו זעהסט, די זעהסט? דאס איז אייך
א זיידע.

ה ע ר ץ: און ווי רופט מען איהם?

ב ל ו מ ע: הערצעניו! זיין פולער יודישער נאמען איז נפתלי הערץ.
מיר האבען איהם א נאמען געגעבען נאך זעהר א נאהנטען פריינד
צו אונז... ווילסט געהן צום זיידען? איהר ווייסט, מיר לערנען
איהם, ער זאל זיך נישט שרעקען פאר פרעמדע.

ה ע ר ץ: איך בין אייך מקנא. אנדערע מענשען זענען גליקליך; איך בין
אנ'אומגליקליכער, ווען איך זאל זיין גליקליך, וואלט איך אויך
געקאנט האבען אזא פרוי ווי איהר.



ב ל ו מ ע: א טייערע מציאה!

ה ע ר ץ: אזעלכע קינדער ווי אייערע.

ב ל ו מ ע: אט, קינדער, זעהט איהר, האב איך גוטע און געראטענע.
מיין עלטערער זוהן, בעני, איז א פלייסיגער סטודענט, לערנט
זעהר גוט און העלפט נאך דעם טאטען וויפיל ער קען; מיין
עלטערע טאכטער, לילי, איז א טייער קינד, לערנט אין רעאל־שולע.
איך ווינש אייך, איהר מעגט האבען אזא טאכטער ווי מיין לילי
איז, און די צוויי קליינע קינדער — איך זאג אייך מיט איין וואָרט:
אלע געראטענע קינדער.

ה ע ר ץ: (איך וועל צונעהמען דאס, וואס געהערט מיר... וואס איז מיינס.)

ב ל ו מ ע: היינט דאס פיצעלע, ווי שען דאס איז! איך ווייס גארנישט,
פון וואנען עס נעהמט זיך צו אונז אזא שענהייט. איהר ווייסט,
עס האט דאך שוין 2 ציינדעלעך, 2 גרויסע זאמבעס.

## אויפטריט בעני, קלמן.

ק ל מ ן: און ווי בלייבט עס? שפילען מיר ווייטער? אדער מיר וועלען
אנהויבען א נייע פארטיע?

ב ע נ י: מיר וועלען בעסער אנהויבען א נייע פארטיע. זיידע, דער מאן
איז ווידער דא; עפעס איז נישט גלאט מיט דעם מענשען.

ק ל מ ן: ער געפעלט דיר נישט, וועסטו מיט איהם נישט מאכען קיין
חברותא. הייסט עס, אנהויבען פון אנהויב; יעצט וועלען מיר
שפילען א שאך פון שאכען־לאנד.

## אויפטריט שרה.

ש ר ה: וואס טוסטו דא, בלומעלע? די קינדער רופען דיך.

ב ל ו מ ע: אוי וועה איז מיר, זעה נאר, איך האב מיך פערעדט ווי
א יידינע. נישט אומזיסט זאגט מען, אז מיר ווייבער האבען 9 מאס
[illegible]. (אב).

ש ר ה: אט דאס איז, דאכט זיך, דער יוד פון דאמאלס? וואס מאכט
איהר? מיין פריינד, אז מען האט א שוואך הארץ, דארף מען זיך
זעהר רוהיג פערהאלטען; מיינער האט אויך א שוואך הארץ, אבער,
דאנקען גאט, מיר היטען איהם אב.

ה ע ר ץ: גוטע פרוי, איך האב נישט, ווער עס זאל מיך אפהיטען.

ש ר ה: ווען איהר זאָלט אַמאָל אַריינגעהן, וואָלט איך אייך געפינען זיינם אַ רעצעפּט פון אַ גרויסען פּראָפעסאָר; אוי אַ רעצעפּט, עס וועט ביי אייך צונעהמען אַזוי ווי מיט דער האַנד.

ב ע נ י: אָבער יעצט שפּילען מיר נאָך די גזועצען פונ׳ם שפּיל.

ק ל מ ן: יאָ, נאָך די גזועצען.

ב ע נ י: מיר ווילען זעהן. (פּייפט).

ק ל מ ן: טאָמער וואָלסטו אויפגעהערט פּייפען, מיסטער פּייפער! דו פערדולסט מיר דעם קאָפּ.

ב ע נ י: עס אַרט מיך ווייניג, איך פּייף פון מיינעט וועגען.

ק ל מ ן: אָט דאָס זענען דאָך די אַמעריקאַנער געשעפטען. יעדער פּייפט פון זיינעט וועגען! מענשען, אוי, אַ מהומה זאָל שונאי ישראל..

ב ע נ י: טייערע באָבע! ווי אַזוי האָלסטו אויס פון אַזאַ משוגענעם, ווי דער זיידע איז? ווען איך זאָל זיין די באָבע, וואָלט איך איהם יעדען אין דערפריה צום פריהשטיק געמאַכט אַ בלוי אויג.

ק ל מ ן: זיי נישט קיין שגץ, דו!

ש ר ה: בעני, עס איז נישט געפעהרליך, איך ווייס דאָך, אַז ער איז נישט קיין שלעכטער, אָלא וואָס דען, איהם פערדרעהט דאָס משוגעת? נעהמט מען מיט אַ ווייכער פריינדליכער האַנד און מען דערטאַפּט דאָס משוגעת צוריק! קינד, דאָס משוגעת איז אַ קראַנקהייט, און אויף יעדען קראַנקען דאַרף מען רחמנות האָבען. די בעסטע מעדיצין פאַר אַ משוגעת איז רחמנות.

ק ל מ ן: מען דאַרף די באָבע דיינע מאַכען פאַר אַ דאָקטאָר איבער משוגענע.

ש ר ה: נאַרעלע, איך בין דאָך דאָס מיין גאַנץ לעבען.

ק ל מ ן: אַזוי? הייסט עס, איך בין אַ משוגענער? עס האָט אַ מויל און עס רעדט.

ש ר ה: נאַרעלע, נישט דאָס האָב איך געמיינט.

ק ל מ ן: עס ווייסט נישט פון דאַנען אַהער, און עס רעדט! אוי, אַ מהומה זאָל שונאי ישראל...

ש ר ה: קלמן=משה! זיי אַ גוטענקער און זיי נישט בייז. עס האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט אַ נאַרישקייט! ביזטו טאַקע זעהר בייז געווען, יאַ?

ק ל מ ן: איך בין נישט בייז געוואָרען; מען דאַרף דאָך וויסען, וואָס מען



רעדט. עָ, יונגערמאַן, מען דאַרף שפּילען נאָך די גזועצען נאָך: האָסטו אַ טאַפּ געטון די קעניגין מיט די פינגער, דאַרפסטו געהן מיט דער קעניגין.

ב ע נ י: איך האָב נישט אַ טאַפּ געטון; נו גוט, געה איך מיט דער קעניגין.

ה ע ר י ן: איהר זענט זעהר אַ גוטע פרוי.

ש ר ה: מיין כלל מיט איהם איז: זאָל בעסער שטענדיג מיינס איבערגעהן; אַ קראַנקער מענש געבען.

ה ע ר י ן: איך פיהל יעצט אַזוי... מיר דאַכט זיך, איך זאָל מעגען, וואָלט איך דאָ באַלד געפאַלען צו אייערע פיס מיט אַ ביטער געוויין.

ש ר ה: איהר וואַרט אויף אונזער אַדוואָקאַט? ער וועט מן=הסתם באַלד קומען. איהר ווייסט, מיין אייניקעל לילי קען אייך נישט פערגעסען. זי איז ביי אונז זעהר אַ גוטענקע, אַ דימאַנט, נישט קיין קינד. זי זאָגט, ווען איהר האָט געקוקט אויף איהר, האָט איהר זעהר אָנגע=הויבען וועה=טון דאָס האַרץ אויף אייך! באַלד טראַכט זי אויס גאַנצע זאַכען מיט פאַנטאַזיעס. מען קען פון אייך, זאָגט זי, מאַכען אַ בילד פון אַ יודען, וואָס געהט שטאַרבען אויף קידוש=השם. איך וועל זי אַמיסטען אַריינרופען. לילי! ליליטשקע! דער פרעמדער איז ווידער דאָ, דו ווילסט איהם זעהן?

ק ל מ ן: אַנ׳אומגליק מיט די ווייבער: מיט יעדען פרעמדען ווערען זיי באַלד מחותנים!

## אויפטריט לילי.

ל י ל י: האָסט מיך גערופען, באָבע?

ש ר ה: דאָס איז דער יוד, וואָס דו זאָגסט, אַז מען קען פון איהם מאָלען אַ פּישקע.

ל י ל י: טייערע באָבע, נישט קיין פּישקע, נאָר אַ פּיקטשוע! דאָס הייסט אַ פאָטאָגראַפיע אויף אַמעריקאַנער לשון. אָט דאָס איז דער אַלטער הער!

ש ר ה: זאָל זיין, ווי דו זאָגסט. איך וועל בעסער געהן העלפען בלומע׳ן. (צו בעני׳ן) די זאָלסט דאָ זיך נישט קריגען מיט׳ן זיידען. (אָב).

ב ע נ י: זעהר גוט, ער וועט מיך אָבער אַזוי נישט נאַרען, ווי ער נאַרט דיך.

ה ע ר י ן (צו לילי׳ן). אייער באָבע זאָגט, איהר האָט מיך דאָ דערמאָנט.

ל י ל י: יאָ. איך קען נישט פערגעסען, ווי איהר האָט געקוקט אויף מיר.

אײַערע אויגען ווײַזען מיר אויס, אַזוי ווי זיי זוכען עֶטוואָס אין יענעמס נשמה און אַזוי ווי זיי פרעגען עֶטוואָס.

ה ע ר ץ: יאָ, קינד, איהר האָט רעכט. מײַנע אויגען זוכען דאָס פער־לירענע גליק און זיי פרעגען: צי ס'איז דאָ אויף דער וועֶלט אַ מענש, וואָס זאָל אויף מיר רחמנות האָבען?

ל י ל י: געוויס, יעדער וועט האָבען מיטלייד מיט אײַך. איהר ווייזט־אויס ווי אַ מענש, וואָס מען שרײַבט אין די אַלטע נאָוועלען, וועלכער איז געזעסען 20 יאָהר פערמאַכט אין די פינסטערע קעלערס פון אַ הויכען טורם.

ה ע ר ץ: אמת, איך בין 20 יאָהר געווען פערמאַכט אין דער פינסטערניש, אָבער יעצט האָב איך דערזעהן ליכט, און איך וויל נישט מעהר זײַן אומגליקליך און עלענד. קינד, איך האָב זעהר פיל געליטען, זעהר פיל אויסגעשטאַנען. מען רופט דיך, דוכט זיך, לילי? זאָג, לילי, ווען דו וואָלסט געהאַט אַ פאָטער אַזאַ ווי איך, וואָלסטו אויף איהם רחמנות געהאַט?

ל י ל י: געוויס, ווען איך זאָל האָבען אַזאַ פאָטער, וואָלט איך אויף איהם זעהר רחמנות געהאַט. איך וואָלט איהם נישט געלאָזט ווייַנען. איך וואָלט געזעהן זײַנע שמערצען גרינגער צו מאַכען. איך וואָלט געווען גוט צו איהם, אַזוי ווי מײַן טײַערע באָבע איז גוט צו מײַן זיידען און צו אונז אַלע.

ה ע ר ץ: אוי, טײַער קינד...

ל י ל י: אָבער איך בין אַזוי גליקליך, וואָס מײַן פאָטער איז אַ שטאַרקער, אַ געזונטער, אַ גליקליכער מענש, און איך דאַרף מיך נישט פלאָגען און לײַדען. יסורים און נויט שרעקען מיך זעהר. אָבער פאַרוואָס האָט איהר נישט אײַערע אייגענע קינדער?

ה ע ר ץ: יאָ, איך האָב קינדער, זיי זענען אָבער זעהר ווײַט פון מיר.

ל י ל י: דאָס איז נישט גוט, קינדער דאַרפען נישט זײַן ווײַט פון זייערע עלטערן. און אָט נעהט מײַן פאַפאַ.

## אויפטריט פיני (מיט אַ בוקעט).

פ י נ י. העלאָ, לילי! פאַר דיר און פאַר די קינדער און פאַר דער מאַמע און פאַר אַלע! אַ, איך האָב געוואוסט, איהר וועט קומען.

ל י ל י: איך בין שטאָלץ מיט מײַן שטאַרק געליבטען און געאַכטעטען פאַפאַ. איך וועל געהן צוטיילען די קאָנפעקטען. גוד בײַ, איך ווינש אײַך, אַז אײַערע קינדער זאָלען אינגיכען קומען צו אײַך און



איהר זאָלט זײַן געזונד און גליקליך. אַדיע! (אָב).

ה ע ר ץ: קינד, אײַערע רייד זענען אַזוי ווי אַ באַלזאַם אויף די וואונדען פון מײַן האַרץ.

פ י נ י: אָ, בעני, דײַן פאָזיציע איז אַ סך בעסער און שטאַרקער ווי דעם זיידענס.

ק ל מ ן: אַזוי? אַמעריקאַנער שאַכמאַטיסט, ווייסט נישט פון דאַגען אַהער, און רעדט.

פ י נ י: עס קאָן זײַן, איהר וועט נאָך געווינען. יעדענפאַלס וועט איהר דאַרפען ענדיגען די פאַרטיע דאָרטען; איך מוז דאָ בלײַבען אַליין מיט דעם פרעמדען הער.

ק ל מ ן: מיסטער פײַפער, לאָמיר אַריבערטראָגען דעם טיש מיט די פיגורען אַהין; אַמעריקאַנער געשעפטען!...

ב ע נ י: פאַפאַ, איך וואָלט געוואָלט וויסען, וואָס פאַר סעקרעטען האָסטו מיט דעם מאַן?

ק ל מ ן: מן־הסתם פערקויפט אַ זאָדע־וואַסער־געשעפט פאַר 17 דאָלאַר; אַמעריקאַנער געשעפטען!

ב ע נ י: וואָס ווייסטו פון אַמעריקאַנער געשעפטען? איין גאַס בײַ אונז אין בראָדוויי מאַכט מעהר געשעפטען פון דײַן גאַנצער רוסישער אימפעריע.

ק ל מ ן: פרא־אָדם, ווייסט נישט פון דאַגען אַהער, און רעדט. (צוואַרפט, אָב).

ב ע נ י: די זעהסט? ער האָט געזעהן, אַז ער פערשפּילט, דער אַלטער גנב, האָט ער צוואָרפען די פאַרטיע; אַזאַ אַלטער גנב! (אָב).

פ י נ י: אַלזאָ, איך האָף, אַז מיר וועלען הײַנט רעדען צו דער זאַך. די וואָרהײַט געזאָגט, איך האָב אויף אײַך געוואַרט מיט אונגעדולד. איך האָב פײַנט, ווען מענשען דעררעדען נישט און דערזאָגען נישט; עס איז נישט אין מײַן נאַטור צו שפּילען זיך אין בעהעלטעניש.

ה ע ר ץ: עס איז נישט אין אײַער נאַטור? מיר וועלען באַלד זעהן, אויב עס איז אמת.

פ י נ י: נאָך אײַער אַוועקגעהן האָב איך נאָכגעקלערט און איך האָב פערשטאַנען, אַז איהר גיט עפּעס אָנצוהערען וועגען מײַנע פאַמיליען־אַנגעלעגענהײַטען; איהר ווילט זאָגען, אַז איהר ווייסט עפּעס...

ה ע ר ץ: איך וויל זאָגען, אַז איך ווייס נישט עפּעס, נאָר אַלעס!

פ. נ.: אַזוי? אַלעס? איך מיין אויך, אַז עס שאַדט נישט צו וויסען נאָך איין זאַך: אַז איך בין נישט דער מאַן, וועמען מען קען איבערשרעקען מיט בלבולים.

ה ע ר ץ: און אייך שאַדט נישט צו וויסען, אַז איך בין נישט דער מענש, וואָס נעהט אַהער איבערשרעקען מיט בלבולים.

פ. נ.: דאָס איז גוט. אַלזאָ איך וויל הערען, וואָס איהר ווייסט.

ה ע ר ץ: וואָס איך ווייס? ערשטענס ווייס איך, אַז איהר קומט פון דער שטאָדט אָרעהאָווע.

פ. נ.: איז דאָס אַ גרויסער חסרון? חאַ, חאַ, חאַ!

ה ע ר ץ: צווייטענס ווייס איך, אַז דאָרט איז אייער נאָמען געוועזען נישט מיסטער סטאַר, נאָר הער סטאַראָדוב.

פ. נ.: דאָס איז קיין סעקרעט נישט. פיל ווייסען עס, און אויב איהר זענט צוליב דעם געקומען, פיליייכט ביי מיר געלד אויסנאַרען, האָט איהר אַ טעות.

ה ע ר ץ: נישט געלד בין איך געקומען אויסנאַרען; איך בין געקומען פאָדערן דאָס, וואָס איהר האָט אויסגענאַרט: קלמן־משה׳ס טאָכטער, מיט וועלכער איהר לעבט! זי איז די פרוי פון נפתלי הערץ לעווין!

פ. נ.: זי איז געוועזען זיין פרוי, אָבער ער איז געשטאָרבען.

ה ע ר ץ: געשטאָרבען? וועלכע בעווייזען האָט איהר, אַז ער איז געשטאָרבען? איך האָב אָבער בעווייזען, אַז ער לעבט.

פ. נ.: איהר האָט בעווייזען, אַז נפתלי הערץ לעבט? אומזין! וועלכע בעווייזען אייגענטליך האָט איהר, מיסטער ראָמאַנעסקאָ?

ה ע ר ץ: וועלכע בעווייזען? די בעסטע בעווייזען אין דער וועלט. נישט מיסטער ראָמאַנעסקאָ בין איך, נאָר נפתלי הערץ לעווין!

פ. נ.: איהר זענט נפתלי הערץ לעווין? איהר? אָט דער אַלטער, קראַנקער, צובראָכענער פרעמדער? וואָס איז אייך איינגעפאַלען צו בעהויפטען?

ה ע ר ץ: יאָ! נפתלי הערץ איז געוועזען אַ שטאַרקער, בליהענדער מענש, אָבער נאָך 19 יאָהר פון וואַנדערן און נע־ונד זיין איז ער געוואָרען אַ צובראָכענער, אַלטער, קראַנקער מענש; איהר האָט געקענט נפתלי הערץ, ווען ער איז געוועזען בלומע סטאַראָדוב׳ס מאַן, יעצט זענט איהר בלומע׳ס מאַן, און נפתלי הערץ איז אַ פרעמדער!



פ. נ.: אומגעגליך! אַזוי פערענדערן זיך, אַזוי ווערען אַנדערש, אַזוי איבערגעביטען ווערען איז אומגעגליך! איך גלויב נישט. עס קען זיין, איהר האָט וואו עס איז ערפאַהרען אַלע איינצעלהייטען און איהר זענט געקומען אונז שרעקען מיט דעם שאָטען פון נפתלי הערץ.

ה ע ר ץ: איך אַליין בין דער שאָטען פון נפתלי הערץ, אָבער נישט פון דעם טויטען, נאָר פון דעם לעבעדיגען; איך בין נישט געקומען אייך שרעקען, איך בין געקומען פאָדערן מיין ווייב און מיינע קינדער!

פ. נ.: שאַ, שאַ, שאַ... איך בעט אייך, שרייט נישט, הער.

ה ע ר ץ: איהר גלויבט נישט, אַז איך בין נפתלי הערץ? קיינער פון אייך האָט מיך נישט דערקענט אויסער איין לילי. זי ווייס געוויס נישט, אַז ווען זי איז געבוירען געוואָרען און איהר מוטער האָט בעדאַרפט אַ הינטעל, בין איך געוועזען דער טרייער איבערגעגעבענער הונד, וועלכער האָט געדינט דעם קינד און דער מוטער! קיינער אין דער וועלט, אויסער איהר, האָט נישט געזעהן דאָס, וואָס איך וויל אייך איצט דערמאָהנען: אַמאָל, אין אַ שענער זומער־נאַכט, זענען מיר ביידע געגאַנגען פון שמואל פערגאַמענט; איך האָב אייך אָבגעשטעלט און אייך געזאָגט: פיני, איך ווייס, דו האָסט ליב מיין בלומען; אויב איך וועל מיך דערוויסען, אַז דו האַנדעלסט נעגען מיר נישט אָרנטליך, אַזוי שווער איך דיר ביי דער לבנה און ביי די שטערען אין הימעל, אַז איך וועל דיך הרג׳ענען! — געדענקט איהר דאָס? און אין יענער מינוט בין איך פלוצים בייז געוואָרען און האָב אייך אַ וואָרף געטון צו דער ערד; נאָכדעם האָב איך אייך געבעטען, איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען, און מיר האָבען ביידע געוויינט. צי דען דאָס אַלעס האָט מיר ווער עס איז געקענט דערצעהלען? איהר וועט מיך באַלד דערקענען; איהר געדענקט דאָך געוויס, אַז איך האָב געהאַט אויף דער לינקער האַנד 3 האָריגע שטערנדלעך; איהר האָט די שטערנדלעך נישט איינמאָל געזעהן. (ווייזט).

פ. נ.: איהר זענט נפתלי הערץ!

ה ע ר ץ: איך בין עס! (ביידע וויינען. פויזע).

פ. נ.: אַך גאָט! וואָס ווילט איהר עס יעצט טון?

ה ע ר ץ: איך וויל מיין ווייב און מיינע צוויי קינדער! איך האָב זיי

צופיל געזוכט, איך זאל מיך יעצט פון זיי ענטזאגען; איך האב צו=לאנג און צו שטארק נאך זיי געבענקט, איך זאל זיי קענען ארויסרייסען פון מיינע געדאנקען. אמת, נישט דאס האב איך, ארימער מענש, ערווארטעט צו געפינען... אלץ איינס, זיי געהערען מיר אזוי ווי זיי זענען. מיינע קינדער וויסען נישט, ווער זייער פאטער איז, וועל איך זיי דערצעהלען. מיין פרוי דערקענט נישט איהר מאן, וועל איך זי דערמאהנען!

פ י נ י : ווי אזוי וועט איהר עס קענען טון?

ה ע ר ץ : ווי אזוי איך וועל עס קענען טון? איך קען אייך ארעסטירען, מאכען א תל פון אייער קאריערע. אבער דאס איז נאך ווייניג; איך האב אמאל געשווארען, אז אויב איהר וועט אמאל האנדלען געגען מיר נישט עהרליך, וועל איך אייך דער'הרג'ענען, און איך וועל עס טון! איך האב שוין ערמארדעט א מענשען, ווען איך האב געהאט אזוי פיל צו פערלירען; איצט, ווען איך בין פערצווייפעלט, ווען איך האב גארנישט צו פערלירען... היט אייך פאר א מענשען, וועלכער האט צופיל געליטען, היט אייך!...

פ י נ י : ש-ש-ש... אום גאטעס ווילען! העכער 19 יאהר איז אוועק, און יעצט זענט איהר געקומען...

ה ע ר ץ : העכער 19 יאהר... איך האב נישט געקענט אויסהאלטען מיין צייט דארט אויף דער קאטארגע, איך האב זיי צושטארק געליבט, איך האב געבענקט נאך מיינע זיסע קינדער, די נעמען פון מיינע קינדער זענען מיר נישט אראב פון די ליפען, און זיי וויסען גארנישט, אז איך בין זייער פאטער. א קאטארזשניק האט מיר געזאגט, אז ער איז אמאל אנטלאפען פון סיביר איבער כינע, פערסיען אין קאווקאז. ביי א גוטער געלעגענהייט, האט ער געזאגט, קען מען די רייזע מאכען אין 2 אדער 3 יאהר. און מיר זענען ביידע אנטלאפען.

פ י נ י : יא, דאס אלעס האבען מיר זיך דערוואוסט אין קאנצעלאריע פון דעם גענעראל=גובערנאטאר.

ה ע ר ץ : יא? האט איהר אבער זיך דערוואוסט, ווי מיר האבען זיך געפלאגט? וויפיל צרות מיר זענען אויסגעשטאנען? ווען מיין חבר האט געלעבט איז דאך געווען היימליכער און גרינגער, ער איז אבער קראנק געווארען, אויף טיפוס און איז געשטארבען. איך בין געגאנגען אליין איבער וועלדער און פעלדער, איבער



בערג און טייכען; איך האב געהונגערט, געליטען. 6 יאהר האט געדויערט, ביז איך בין געקומען קיין קאווקאז צום שווארצען ים.

פ י נ י : 6 יאהר, דאס איז געווען 9 יאהר נאכדעם ווי דו ביזט פערשיקט געווארען; פונקט ביז דער צייט האבען מיר געווארט אויף דיר.

ה ע ר ץ : פון קאווקאז בין איך אריבער קיין קאנסטאנטינאפאל, פון דארטען קיין רומעניען, וואו איך האב בעקומען א רומענישען פאספארט, און אלס רומענער בין איך ענדליך געקומען קיין ארעהאווע. עס רעדט זיך נאר אזוי גרינג, מיר אבער איז דאס נישט אזוי גרינג אנגעקומען. נאכדעם, וואס איך האב ערווארטעט, האב איך געפונען אין אונזער הויז פרעמדע, אומבעקאנטע מענשען, און פון זיי האב איך זיך דערוואוסט, אז איהר זענט שוין לאנג אלע אוועק קיין ארגענטינא.

פ י נ י : אין ארגענטינא האבען מיר זעהר גיך פערלוירען אונזער פערמעגען און מיר האבען בעשלאסען אריבערציהען זיך קיין ניו=יארק. דא האבען מיר זיך פיל געפלאגט, שווער געארבייט. די מאמע האט געקאכט עסען פאר פרעמדע, דער אלטער פלעגט אליין בעדינען ביים טיש, בעני, נאך א קינד, האט געטראגען צייטונגען. מיר אלע האבען שווער געארבייט. אוי, עס קומט נישט אן אזוי גרינג אין אמעריקא... דו הערסט נישט, וואס איך זאג?

ה ע ר ץ : יא, איך הער.

פ י נ י : יעצט, אז איך קוק זיך גוט צו, ווייזט זיך מיר אויס, אז איך הויב אן צו געפינען אין דיר עטוואס עהנליכקייט. אוי, וואו זענען אהינגעקומען דיינע שווארצע געקרייזעלטע האר, דיין זיידענע שענע בארד, דיינע לעבעדיגע, פייערדיגע אויגען?

ה ע ר ץ : דער מענש איז שטארקער פון אייזען, אז ער קען אויסהאלטען פון אלעם, וואס איך בין אויסגעשטאנען. אזוי ווי א פינסטערער חורבן האט ארעהאווע אויסגעזעהן אין מיינע אויגען; איך האב זיך גוט אויסגעוויינט און בעשלאסען צו פאהרען קיין ארגענטינא. וויפיל איך האב מיך געפלאגט — דאס איז איבעריג צו דערצעהלען. יאהרען=לאנג האט ביי מיר געדויערט, ביז איך האב דורכגעוואנדערט גאנץ ארגענטינא, א פערצווייפעלטער, מוטלאזער מענש בין איך געקומען קיין ניו=יארק, און דא האט אויך געדויערט א סך צייט, ביז איך האב אייך געפונען. אבער ענדליך...

פ י נ י : ענדליך האסטו זיך בעשלאסען צו קומען.

ה ע ר י ן: איך בין יעצט געקומען מיט'ן בעשלוס בעטצען זיך מיט מיינע רעכט. איך האָב זיי, נאָך אַזוי פיל מיה, צרות און שלעק, ענדליך געפונען, פאַרוואָס זאָל איך זיי נישט נעהמען, ווען איך האָב זיי געפונען? פאַרוואָס זאָל איך מיך ענטזאַגען פון מיין ווייב און קינדער? זענען מיר אַלע שולדיג, אָדער אונשולדיג — פאַרוואָס זאָל איך אַליין ליידען? אויב דאָס איז אַן'אומגליק, איז עס אַלע־מענס, פאַרוואָס זאָל איך אַליין זיין אומגליקליך?

פ י נ י: נו, יעצט ווען עס איז אַוועק 19 לאַנגע יאָהר, ווען מיר האָבען דאָ ענדליך אַ שטילע, רוהיגע, שענע היים, ווען ביידע אַלטע האָבען אַ גליקליכע עלטער, ווען אַלע קינדער זענען צופרידען, ווען דיינע קינדער ווייסען נישט פון קיין זאַך — יעצט ווילסטו קומען פאָדערן דיינע רעכט? גוט! זאָל זיין אויף מיר און אויף מיינע דריי קינדער. איז קיין רחמנות נישט, זאָל זיין אויף די צוויי אַלטע, גוטע מענשען דאַרף מען אויך קיין רחמנות נישט האָבען; אָבער בלומע? האָט זי ווייניג געליטען? פאַרוואָס זאָלסטו רויבען איהר רוה, און אָנשטאַט אַ היים, זאָלסטו איהר געבען נאָר צרות אין איהרע טרעהרען? קיין צווייפעל, קיין צווייפעל, זי וועט געוויס צוליב דיר אָפּפערן איהר לעבען, אָבער ליב האָבען וועט זי יענעם נפתלי הערץ, וועלכער עקזיסטירט נישט מעהר.

ה ע ר י ן: איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט אָנהויבען רעדען צו מיר ווי אַן'אַדוואָקאַט, וועל איך דיר נישט וויסען וואָס צו ענטפערן. ניין, עס וועט זיין גענוג פיין פון מיר, אַז איך וועל נישט פרעגען קיין שאלות וועגען דעם, וואָס עס איז געשעהן אָהן מיר; יעצט וויל איך זיי האָבען. איז דען אַ פאָטער קיין פאָטער נישט, דערפאַר ווייל ער איז אַן'אומגליקליכער? יאָ, איך בין אַן'אָרימאַן; מיין גאַנץ פערמעגען איז 42 דאָלאַר, דאָס האָב איך געקענט סענט־ווייז אָנזאַמלען פאַר מיין צוקינפטיגער פאַמיליע. יאָ, ווען ווייניג אָבער אַן'אָרימאַן איז אויך אַ מענש. איך בין אַ קראַנקער, אָבער דאַרף דער קראַנקער נישט לעבען אויף דער וועלט? צוליב וועמען און דורך וועמען בין איך קראַנק געוואָרען, ווען נישט צוליב זיי און דורך זיי? ניין! איך וויל מיינע קינדער און מיין פרוי; איך וועל זאָגען דעם אַלטען קלמן־משה, וועלכער האָט מיר שען אָפּגעדאַנקט פאַר מיין געאָפּפערט לעבען צוליב איהם, איך וועל איהם זאָגען, אַז מען קען נישט האָבען קיין צוויי לעבעדיגע איידעמס,



ווען מען האָט נאָר איין טאָכטער.

פ י נ י: איז דאָס דיין לעצט וואָרט?

ה ע ר י ן: יאָ, דאָס איז מיין לעצט וואָרט.

פ י נ י: אַלזאָ, דו ווילסט דיין פרוי און קינדער?

ה ע ר י ן: יאָ, איך וויל מיין פרוי און מיינע קינדער!

פ י נ י: איך וויל דיר נישט שטערען. זיי זענען דיינע און דו האָסט רעכט זיי צונעהמען בײַ מיר. רוף זיי אַריין און היים זיי געהן מיט דיר!

ה ע ר י ן: וואָרט אוים! איך האָב געוואַרט כמעט 20 יאָהר דערויף, וועל איך זיך געוויס נישט איילען. ווי אַזוי וועט בלומע זיך קענען שיידען מיט איהרע קינדער? ניין, ניין! זי איז אַזאַ ליבענדע מוטער! אַזוי פיל ליידען קען איך נישט און וויל נישט בלומע'ן אָנטוהן. ניין, ניין, איך וועל בלומע'ן נישט נעהמען פון דיר, זאָל זי בלייבען אַ מוטער צו איהרע קינדער. אויב מען דאַרף, וועל איך איהר געבען אַ גט לויט'ן יודישען דין. איך בעט נאָר מיינע צוויי קינדער. גיב מיר אָב מיינע צוויי קינדער! די מוטער האָב איך פערלאָרען, גיב מיר די קינדער; זיי זענען שוין דערוואַקסענע, זיי וועלען קענען פערשטעהן און קענען ליידען.

פ י נ י: וועה, חלילה, קען דיינע קינדער פון דיר צוריקהאַלטען? צו אָבער מיינסטו, אַז בעני, דער זאָרגלאָזער אַמעריקאַנער, וועט ווען עס איז דיך ליב האָבען ווי אַ קינד?

ה ע ר י ן: יאָ, איך האָב מורא — בעני וועט מיך נישט ליב האָבען. ביזט גערעכט! איך וועל נעהמען נאָר איין קינד, איך וועל נעהמען לילי'ן; זי איז אַ גוטע, זי האָט אַן'עדעל האַרץ, זי האָט שוין רחמנות אויף מיר.

פ י נ י: לילי איז אַ שוואַך קינד, געוועהנט צו אַ רוהיג לעבען און אַ שטילער היים; צוואָס זאָלסטו נעהמען אַזאַ צאַרט צווייגעלע און עס אָפּברעכען פון דעם בוים, וואָס עס וועט פאַר דער צייט פערטריקענט ווערען?

ה ע ר י ן: זי האָט מיר געזאָגט, אַז יסורים און נויט שרעקען זי נישט... פיני! איך בין געווען אַן'איינפאַך קליין מענשעלע, פאַרוואָס בין איך אָנגעצייכענט געוואָרען איבערצולעבען אַזעלכע אויסערגעוועהנליכע גרויסע צרות? פאַרוואָס האָב איך פערשפּילט מיין גאַנץ לעבען? איך זאָל בלומע'ן אומגליקליך מאַכען, צובּרעכען איהר

הארץ? ניין, איך וועל נעהן צוריק אין דער פינסטערניש. איך בין טויט נאך איידער איך בין געשטארבען. מיר איז געבליבען ווענינ צו לעבען, איז כדאי צוליב א קורצע צייט צו פערגיפטען דאס גאנצע לעבען פון אזוי פיל מענשען? ניין, ניין! מיינע ליפען וועלען זיך קיינמאל נישט קענען עפענען צו רעדען וועגען דעם. איך וועל ווידער מוזען פערשווינדען אין דער שטיל; איך וועל זיין שטום ווי די ערד און וועל נעהמען מיין געהיימניס צוזאמען מיט מיר אין קבר. אוי, פיני, מיין הארץ ווערט אין מיר צוריסען, מיין ארים קראנק הארץ!...

(פאלען איינער אויפ'ן צווייטען אין די ארעמס, וויינען ביידע).

פארהאנג.

---

# פיערטער אקט.

(דאסזעלבע צימער).

פיני: איך האב די לעצטע צייט שטארק אנגעהויבען צו רויכערן. מיר ווייזט אויס, איך זאל יעצט נישט רויכערן, וואלט איך משוגע געווארען אדער איך וואלט אנגעהויבען צו טרינקען. (דער זייגער קלינגט 9. מען קלאפט.) אריין!

## אויפטריט הערץ (שען געקליידעט).

פיני: פארוואס אזוי שפעט? איך בין שוין געוועזען בייז אויף דיר. אז מיר קענען שוין יא פערברענגען אנ'אווענד צוזאמען, פערשפעטיגסטו זיך. מיר וועלען טרינקען צו גלעזלעך טעה און אביסעל דורכשמועסען זיך; איך וועל אליין מאכען טעה, איין מינוט. (אב).

הערץ: עס איז שוין 20 יאהר פאריבער, אז איך האב נישט געהאט קיין איין רוהיגען טאג, קיין איין גליקליכע מינוט, און זיי ליגט גאר אין זינען קאנצערטען מיט ימים-טובים! ביי מיר ווערט דאס הארץ צוריסען פון פערצווייפלונג, און זיי אלע דא זענען רוהיג און צופרידען. ווען איך וואלט אבער געהען דאמאלס זיי געזאגט, וואס איך האב געוואלט זאגען, וואלטען זיי אויף דעם היינטיגען קאנצערט שוין נישט געגאנגען.



## אויפטריט פיני (מיט 2 גלעזער טעה).

פיני: און אט האבען מיר טעה! זייך געדענקסט, ווי דו האסט זיך אמאל אין ארעהאווע אבגעברי'הט? האסט אליין געוואלט שטעלען דעם סאמאוואר און האסט שיער נישט אנגעצונדען די שטוב.

הערץ: איך בין געקומען, מיר זאלען צום לעצטען מאל איבעררעדען וועגען אלעס. איך האב געהאט א פלאן אריינצושיקען איהר א גט מיט א בריף. איך וואלט אויף זיך גענומען די גאנצע שולד און וואלט איהר געקענט שרייבען, אז איך האב שוין לאנג אנ'אנדער ווייב, אדער דארטען ווייס איך וואס א בלבול אויסטראכטען. נאר איידער איך וועל מיך פון זיי שיידען אויף אייביג וויל איך זיי אלע זעהן... מיין קאפ ארבייט יעצט נישט. דו וועסט מוזען אויסגעפינען א תירוץ, וואס איך בין דא אזוי שפעט; ביזט דאך עפעס אנ'אדוואקאט.

פיני: א גרויסע זאך! איך וועל זיי זאגען, אז דו ביזט געקומען וועגען דיין פראצעס, און וויל מיר אליין איז געוועזען זעהר לאנגווייליג, האב איך דיך פערהאלטען און געמאכט טעה.

הערץ: יא, דאס וועט אויסווייזען, ווי אנ'אמת'ער ליגען; דאס ווייזט, אז א ליגען איז אמאל נאך שטארקער, ווי דער אמת אליין. יא, איך זאל נישט פערגעסען... וואו איז דאס בילד, וואס דו האסט מיר צוגעזאגט?... איך וויל אייער פאמיליען-בילד, און לילי'ס בילד בעזונדער.

פיני: אט דאס איז די גרופע און דאס איז לילי'ס בילד בעזונדער. (מען קלינגט) זיי געהען! (עפענט).

## אויפטריט אלע.

בעני: העלא, דער פרעמדער איז ווידער דא! עפעס מוז געשעהן מיט דעם מענש.

שרה: א, פיני, ביזט נישט אליין? האסט געסט דא?

פיני: מיסטער ראמאנעסקא איז געקומען ענדיגען זיין פראצעס, האב איך איהם נישט געלאזט אוועקגעהן; איך האב געמאכט טעה און מיר האבען זיך פערערדט.

לילי: א, וואס מאכט איהר? איהר האט דא געטרונקען טעה מיט מיין פאפא? דאס איז פיין! א, אייערע אויגען האבען נאך קיינמאל נישט

געקוקט אַזוי פרעהליך, אַלטער. איהר האָט דאָך די טעה נישט געטרונקען.

הערץ: איהר פערשטעהט, איך בין אַ רומעניִשער, און מיר רומענער ליבען נישט קיין טעה, ווי איהר רוסישע.

בלומע: איז גאָרנישט געשעהן דאָ?

פיני: וואָס האָט געקענט געשעהן?

בלומע: האָט הערצעניו נישט געוויינט?

פיני: ניין.

בלומע: האָסט נישט פערגעסען צו געבען פעניטשקען אַ גלאָז מילך פאַר'ן שלאָפען גערן?

פיני: נישט פערגעסען.

בלומע: אוי וועה איז מיר! זעהר אָפט נאַרען אונז אָב די געדאַנקען, און עס דוכט זיך אונז, אַז עפּעס האָט געוויס פּאַסירט אין דער היים אין דער צייט פון אונזער אַבוועזענהייט. (אָב).

שרה: און איך וועל געהן מאַכען טעה; נו, און וואָס מאַכט איהר? ווי אַזוי איז דאָס האַרץ?

הערץ: בעסער, פיל בעסער.

שרה: נו, דאַנקען גאָט; מיר וועלען באַלד האָבען פערטיג טעה.

פיני: מאַמאַ, מיר האָבען פערטיגע טעה.

שרה: ליליטשקע, זאָל איך דיר מאַכען אפשר אַ פּאָר פרישע אייער צום עסען?

לילי: ניין, באָבע, איך בין נישט הונגעריג! טעה, טעה, איך שטאַרב טעה!

שרה: בייזער יוד! דיר וועל איך אַזוי שפּעט קיין טעה נישט געבען, וועסט טרינקען היים וואַסער מיט מילך. (אָב).

לילי: זאָל איך אייך ברענגען אַ הייסע גלאָז טעה?

הערץ: ניין, ניין, איך דאַנק.

פיני: אָבער ווי איז עס געגאַנגען ביי אייך אויף דעם קאָנצערט?

לילי: אָ, עס איז געווען זעהר שען און אַנגענעהם.

פיני: טאַקע? מיר וועלען הערען, וואָס בעני וועט זאָגען.

בעני: פּאַפּאַ! די הער בעסער, וואָס דער זיידע וועט זאָגען... אוי, אַ מהומה שונאי ישראל...

קלמן: נו יאָ, אַמעריקאַנער געשעפטען! אין זאָל קענען אַריין 200 מענשען, האָבען זיי אַריינגעשטופּט 800, און אויסער דעם אַ פּאָר



קינדער, גלאַט אַזוי, עס זאָל זיין היימליכער; היינט האָסטו בעדאַרפט הערען, ווי אַזוי זיי האָבען דאָרט געגעבען אַ זונג! צוויי מיידלעך זענען פערפאָהרען קיין מאַכנעוויץ, און דריי האָבען אַריינגעדהאָצקעט קיין בוּיבריק. נאָר לילי איז געווען נישקשה, נישט אַזוי, נאָר נישקשה.

לילי: אָ, זיידע, נאָר נישקשה? מען האָט דאָך מיר אַזוי אַפּלאָדירט.

בעני: וואָס=זשע, ביי אייך אין רוסלאַנד גיט מען בעסערע קאָנצערטען?

קלמן: ביי אונז? דער באָבע'ן דיינער האָט זיך נישט גע'חלומ'ט, וואָס פאַר אַ קאָנצערטען מען גיט ביי אונז.

בעני: געוויס! ביי אייך גיבען דאָך קאָנצערטען די קאָזאַקען מיט די נאַגייקעס.

קלמן: און ביי אייך גיבען קאָנצערטען די פּייטשלעגערס מיט די קישקעס אין מאָרדע אַריין.

## אויפטריט שרה (מיט טעה).

שרה: שאַ, זיי קריגען זיך שוין! אַ נאָווינע! אָ, פיני, דו האָסט בעדאַרפט הערען, ווי ליליטשקע האָט דעקלאַמירט! אוי, געזונד זאָל זי נאָר זיין.

פיני: וואָס=זשע, עס איז טאַקע געווען גוט, האַ?

שרה: אוי גוט, איך האָב אפילו נישט פערשטאַנען אַ וואָרט, אָבער אַלע דאָרט... וואָס עס האָט זיך איבערגעטון! האָסט בעדאַרפט אָנקוקען אונזער בלומע'ן, זי האָט זיך דאָך דאָרט צוהליפּעט.

בעני: פּאַפּאַ, מען וואָלט די מאַמאַ נישט בעדאַרפט מיטנעהמען; זי האָט מיר שיער דאָס האַרץ נישט צובראָכען מיט איהר געוויין. זאָגאַר אין פּובליקום האָט מען בעמערקט! אַזוי וויינען איבער איינעך אָרדענס געשיכטע? אַ נויטיגע זאַך! איך גלויב עס נישט!

קלמן: ער גלויבט נישט! אַ גאַנצער מענש אין אַמעריקאַ! אוי, איך האָב פערגעסען מיינע קאַלאָשען דאָרט אונטער'ן בענקעל. (אָב).

בעני: אוי, זיידע, אַ מהומה שונאי ישראל, — און קיין קאַלאָשען איז נישטאָ! דאָס האָט דיך גאָט געשטראָפט, וואָס דו לאַכסט פון מיר.

לילי: איהר רעדט, און דער פרעמדער איז עפּעס היינט צו=שטיל.

הערץ: איך שווייג, אָבער איך פיהל מיך זעהר גוט אין אייער געזעל=שאַפט; איך האָב זיך שוין לאַנג נישט געפיהלט אַזוי גוט. ליידער וועלען מיר זיך דאַרפען גיך שיידען. איך וועל אייך זאָגען די

וואָרהײַט: איך בין געווען זעהר צופרידען, וואָס אײַער פּאַפּאַ האָט מיך דאָ פערהאַלטען. איך פאָהר מאָרגען אַוועק פון דאַנען.

ל י ל י: האָט שוין מײַן פּאַפּאַ אײַער פּראָצעס געענדיגט?

ה ע ר ץ: יאָ, קינד, אַלעס איז שוין אָבגעמאַכט און געענדיגט.

ל י ל י: איהר וועט נישט קומען איינגיכען צוריק?

ה ע ר ץ: ניין, קינד, איך פאָהר אַוועק ווײַט און וועל נישט קענען קומען ווידער. איהר זענט אַלע גוטע מענשען, דערפאַר האָב איך אײַך אַלע געוואָלט זעהן און געזעגענען זיך מיט אײַך, בעזונדערס האָב איך אײַך געוואָלט זעהן. לילי! איהר זענט אַ ליב קינד, איך ווייס נישט פאַרוואָס, מיר דאַכט זיך, אַז אַנ׳אייגען קינד וואָלט איך נישט געקענט אַזוי ליב האָבען ווי אײַך.

## אויפטריט בלומע.

ש ר ה: זי האָט שוין אַזאַ גליק, אַלע אַלטע האָבען זי ליב... אָט איז בלומע, זעה נאָר אַ פּאָר אויגען זי האָט זיך אָנגעוויינט.

פ י נ י: וואָס האָסטו דאָרט אַזוי געוויינט? איך וואָלט געוואָלט הערען, וואָס איז דאָרט געווען? לילי, דו האָסט אונז צוגעזאָגט פאָרצולייענען די גאַנצע געשיכטע צוליב מיר, וועלכער האָט דאָ בעדאַרפט זײַן אַ דינסט, בשעת ווען איהר האָט אײַך דאָרט אַמוזירט, און צוליב מיסטער ראָמאַנעסקאָ, וועלכער פאָהרט מאָרגען אַוועק און וועלכער איז אַזוי פערליבט אין דיר, — צוליב אונז אַלע מאַך איבער די גאַנצע קאָמעדיע!

ש ר ה: ניין, ניין, מען דאַרף נישט. בלומע האָט זיך שוין גענוג אָנגעוויינט.

ב ע נ י: פּאַפּאַ, עס ווירקט צופיל אויף דער מאַמע׳ס נערווען. לילי! לאָז עס אָב אויף אַנ׳אַנדער מאָל.

ב ל ו מ ע: איך האָב מיך גענוג אָנגעוויינט, אָבער מיט פערגניגען וואָלט איך עס נאָך אַמאָל געוואָלט הערען.

ב ע נ י: איך האָב נישט ליב צו הערען געשיכטעס, וואָס מען דאַרף איבער זיי וויינען; קום, זעלדע, אין מײַן צימער, וועלען מיר שפּילען אַ שאַך. (אָב).

ק ל מ ן: וויפיל איז יעצט דער זייגער? איך וועל איהם נאָך געבען אַ מאַט; חאַ, חאַ, חאַ, אַרײַנכאַפּען אַ שאַכעלע. (אָב).

פ י נ י: נו, לילי, פאַנג־אָן.



ל י ל י: איינעך אָרדען זאָגט: „און צו מײַנע קינדער וועל איך זיך אויך נישט געבען צו דערקענען, זיי קענען מיך נישט און איך דאַרף צו זיי נישט רעדען קיינמאָל; נישטאָ קיין פאָטערליכער קוש פאַר מיר! דאָס מיידעל איז פונקט ווי די מוטער און דאָס יונגעלע איז מײַן זוהן...״

ה ע ר ץ: אוי וועה איז מיר!

ל י ל י: די געשיכטע איז זעהר לאַנג! עס דערצעהלט זיך פון איינעם, איינעך אַרדען, ווי אַזוי ער איז אָבגעריסען געוואָרען פון זײַן היים, פון זײַן געליבטער פרוי און זײַנע קליינע קינדער, ווי ער איז פערוואָרפען געוואָרען ווײַט אויף אַנ׳אינזעל, ווי ער האָט זיך שרעקליך געפּלאָגט 10 יאָהר. זײַן פרוי האָט לאַנג געוואַרט אויף איהם און געהאָפט און געוויינט... (בלומע וויינט).

ש ר ה: אָט האָסטו דיר!

ל י ל י: זי האָט געהאַט אַ גוטען געטרייען פרײַנד, וועלכער האָט זי זעהר ליב געהאַט, די קינדער זענען געוואַקסען אָהן אַ טאַטען, די נויט איז געוואָרען גרויס, די איבערגעגעבענהייט פון דעם פרײַנד האָט געמוזט בעלוינט ווערען; זי האָט געבעטען, ער זאָל וואַרטען אַ יאָהר, ביז ענדליך זי האָט געמוזט מיט איהם חתונה האָבען... (בלומע וויינט).

ה ע ר ץ (צו זיך): פון דעם גוי׳עשען איינעך אַרדען האָט מען געמאַכט אַ גאַנצע פּאָעמע, און דער יודישער דאַרף שווייגען שטיל, פון זײַנע ליידען וועט קיינער נישט וויסען...

ש ר ה: לילי, דאָס פערשאַפט דער מאַמען פיל שמערצען, זאָל זײַן גענוג!

ב ל ו מ ע: ניין, ניין, לילי, דערצעהל ווײַטער!

ל י ל י: ענדליך קומט דער וואַנדערער אַ קראַנקער, אַ צובראָכענער און געפינט, אַז זײַן געליבטע פרוי און טייערע קינדער זענען גליקליך אין אַ פרעמדער היים; ער וויל זיי נישט שטערען, ער געהט אַוועק פון דער וועלט אַליין, אַ פערלאָזענער; ער שטאַרבט אין דער שטיל, ווײַל ער וויל נישט פערדונקלען דאָס גליק פון די, וואָס זענען איהם ליב און טייער. די פּאָעמע, ווי זי איז געשריבען, איז גוט צו דעקלאַמירען מיט אַקאָמפּאַנימענט פון פּיאַנאָ. אָט וועט איהר באַלד הערען. (אָב).

ב ל ו מ ע: נפתלי הערץ! איך האָב דיך דערקענט! פון דער יעצטיגער מינוט איז אַראָב דער שלייער פון מײַנע אויגען און איך האָב דיך

דערעקנט! איך זעה דיך יעצט דייטליך און דייטליכער.

**ש ר ה:** בלומע, גאָט איז מיט דיר, וואָס רעדסטו דאָס!

**ב ל ו מ ע:** מאַמע, דו דערקענסט איהם נישט? זעה, ווי ער איז אַלט געוואָרען! אין דער צייט, ווען מיר זענען געזעסען אין אַ ריהיגער, וואַרעמער היים, איז ער געווען געזונד; אין דער צייט, ווען מיר זענען געווען גליקליך און צופרידען, האָט ער געוואַנדערט איבער דער וועלט איינער אַליין, געליטען נויט און יסורים!

**ה ע ר י ן:** מאַדאַם, ווי קענט איהר אַזוי רעדען צו אַ פרעמדען מענשען? איך בין אַ פרעמדער... צו וועמען רעדט איהר?

**ב ל ו מ ע:** צו דיר רעד איך, אָרעמער וואַנדערער! ניין, אומגליקליכער, דו ביזט נישט קיין פרעמדער!

**ה ע ר י ן:** וואָס ווייזט זיך אייך אויס, מאַדאַם? אייערע נערווען זענען אויפגערייצט, איהר האָט אַ טעות, מאַדאַם.

**ב ל ו מ ע:** ניין, איך האָב נישט קיין טעות. די פליכטען פון אַ מוטער האָבען מיך פערשלעפערט. ווען ער זאָל נישט געווען קומען, וואָלט איך געווען, ווי פיל פרויען אונזערע, אָבגעלעבט מיינע יאָהרען אין דער שטיל. ער איז אָבער געקומען, און איך האָב ערוואַכט. (שרייט): קינדער!

**ש ר ה:** בלומע, וואָס טוסטו? הער-אויף!

**ב ל ו מ ע:** איך וויל, די קינדער זאָלען זעהן זייער פאָטער.

**פ י נ י:** שאַ, שאַ, אום גאָטעס ווילען, זיי נישט אַזוי איבעראיילט.

**ב ל ו מ ע:** אויב זיי וועלען זיך שעמען, דאַרפען זיי זיך שעמען מיט מיר! אויב מיר וועלען ליידען הונגער, האָבען מיר עס פערדינט; איך וועל געהן מיט איהם און מיט אונזערע קינדער און מיר וועלען איהם העלפען ערלייכטערן זיינע שמערצען, ביז מיר וועלען בע-צאָהלען אַ קליינעם טייל פון אַ גרויסען חוב... הערי'ן! דו הערסט נישט, וואָס איך זאָג?

**ה ע ר י ן:** בלומע... בלומע... (פאַלט און שטאַרבט).

**ב ל ו מ ע** (לויפט-צו, בעטראַכט איהם): אוי, זיין האַרץ איז געבליבען שטיל! (פאַלט נידער נעבען איהם און וויינט דערפטיג. אַלע בליי-בען שטעהן מיט שטאַרע בליקען).

## פאָרהאַנג.

---

## אַ דראַמע אין 4 אַקטען.

פון י. גאָרדין.

פערלאג פ. קאנטאראוויטש.